בעלאַ שאַגאַל

# די ערשטע באַגעגעניש

צייכענונגען פון

מאַרק שאַגאַל



פאַרלאַג פון אידישן פּראָפעסיאָנאַלן אָרדן

ניו־יאָרק, 1947

# DI ERSHTE BAGEGENISH

By BELLA CHAGALL

Drawings by
MARC CHAGALL



Published by
Book League of the Jewish Peoples Fraternal Order, IWO
80 Fifth Avenue, New York 11, N. Y.

Printed in U.S.A.

209

# פאָררעדע

„ווען איך, טייערע בעלאַ, וואָלט געשריבן
בריוו, ווי אַן אמתער שרייבער — וואָלט איך זיי
בעסער געמאָלן. פאַר ווערטער שעם איך זיך.
מען דאַרף זיי שטענדיק אויסבעסערן. אָבער מיר
ווילט זיך דיר שרייבן, כדי דו זאָלסט מיר ענט־
פערן און שרייבן וועגן אַלץ, וועגן אַלץ . . .״
(פון אַ בריוו צו בעלאַן)

בעלאַ האָט זיך געקליבן צו זיין אַן אַקטריסע. זי האָט געשפילט טעאַטער. מען האָט זי געלויבט. בין איך געקומען פון פּאַריז, האָב מיט איר חתונה געהאַט און מיר זיינען צוריקגעפאָרן קיין פראַנקרייך. אויס טעאַטער־חלומות . . .

יאָרן לאַנג האָט מיין קונסט געפילט איר ליבע־ווירקונג. מיר האָט זיך אָבער אויסגעוויזן, אַז עפּעס אין איר ווערט פאַרשוויגן, אַז עפּעס רוקט זיך אָפּ אָן אַ זייט.

איך האָב געקלערט, אַז ביי בעלאַן אין האַרץ ליגן אוצרות, ווי איר „שנירל פּערל״, פּייכטע פון ליבע. ס׳טראָגט זיך פון אירע ליפּן אַן אָטעם אַזאַ, ווי דער ערשטער קוש; אַ קוש אַזאַ, ווי דער דורשט נאָך גערעכטיקייט . . .

האָט זי זיך געשעמט פאַר מיר, פאַר לייטן, וואָס זי האָט דווקא געוואָלט בלייבן אין שאָטן?

ביז זי האָט דערהערט די יידישע נשמה, דערזען דעם גלות פון די לעצטע יאָרן, און איר שפּראַך איז ווידער געוואָרן די שפּראַך פון אירע עלטערן.

איר סטיל — „ברענענדיקע ליכט״, „די ערשטע באַגעגעניש״ — אַ סטיל פון אַ יידישער כלה אין דער יידישער ליטעראַטור.

זי האָט געשריבן אַזוי ווי זי האָט געלעבט, ווי זי האָט גע־ליבט, ווי זי האָט אויפגענומען פריינט. אירע ווערטער און שורות זיינען ווי געמאָטעמטע פאַרב אויף אַ לייוונט.

צו וועמען ענלעך?

זי דערמאָנט קיינעם ניט. זי איז באַשענקע־בעלאַטשקע פון דעם באַרג אין וויטעבסק, וואָס שפּיגלט זיך אין דער דווינע, מיט די וואָלקנס, מיט דיביימער און מיט די הייזער.

זאַכן, מענטשן, לאַנדשאַפטן, יידישע יום־טובים, בלומען — דאָס איז איר וועלט און דאָס דערציילט זי.

אירע שורות, לאַנגע און קורצע, געשריבענע און געטראַכטע, אירע ווערטער, וואָס דאָ צעוואַקסן זיי זיך און דאָרטן פילן זיי זיך נאָר, אָט ווי אין אַ צייכענונג פעלן אויס אַמאָל איניקע שטריכן און פינטלעך, כדי זיי זאָלן זיך נאָר פילן אין דער העלער לופט.

איך פלעג זי לעצטנס אָפט טרעפן אין דער טיפער נאַכט, זיצנדיק אין בעט ביי אַ קליין לעמפל — לייענען יידישע ביכער. איך פלעג איר זאָגן:

— אַזוי שפעט ? לייג זיך בעסער שלאָפן.

מיט אַ פּאָר וואָכן פאַר איר אייביקן שלאָף — נאָך פריש און שיין ווי שטענדיק — זע איך זי אין צימער פון אונדזער זומער־פּלאַץ. זי לייגט פאַנאַנדער אירע באַשריבענע פּאַפּירן. דאָ — פאַרענדיקטע זאַכן, דאָ סקיצן און דאָ — קאָפּיעס. פרעג איך זי מיט אַ באַהאַלטענער שרעק :

— וואָס עפּעס מיט אַמאָל אַזאַ אָרדענונג ?

ענטפערט זי מיר מיט אַ בלייכן שמייכל :

— אָט אַזוי וועסטו וויסן וואו, וואָס עס ליגט . . .

אַלץ אין איר איז געווען דער שטילער און טיפער פאַרגעפיל.

אָט זע איך פונעם האָטעל־פענצטער, ווי זי זיצט אויפן ברעג אַזערע פאַרן אַריינגיין אין וואַסער. זי וואַרט אויף מיר. אַלץ אין איר הערט זיך צו עפּעס צו, ווי אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע און האָט זיך צוגעהערט צום וואַלד אויף דער דאַטשע.

איך זע איר רוקן, איר דינעם פּראָפיל. זי גיט זיך ניט קיין ריר. זי וואַרט, טראַכט . . . און זעט שוין אפשר „יענע וועלטן" — — —

וועלן היינטיקע, פאַרנומענע מענטשן, זיך פאַרטיפן אין איר וועלט, אין איר שרייבן ?

איך קלער, אַז שפּעטער וועלן קומען אַנדערע און וועלן דער־שמעקן אירע בלומען, איר קונסט.

אירע לעצטע ווערטער צו מיר זיינען געווען :

—מיינע העפטן — — — — —

אַ שטאַרקער דונער און אַ קורצער גאָס־רעגן האָבן אויסגעבראָכן זעקס אַזייגער אין אָוונט דעם צווייטן סעפּטעמבער 1944, ווען בעלאַ איז אַוועק פון דער וועלט.

מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

**מ. ש.**

# די ערשטע באַגעגעניש

דאָס איז פֿאַר דיר, מיין טייערע.

— טעאַ, דו ביסט דאָ? — קלאַפּ איך אָן ביי מיין שול־פריינדין אין פענצטער — דאָס בין איך, בעלאַ!

ס׳איז געווען סוף זומער. איך בין ערשט געקומען פון אויס־לאַנד. יעדן זומער פאָרט די מאַמע קיין מאַריענבאַד און יעדעס מאָל נעמט זי מיך מיט. איך בין געווען אין בערלין, אין ווין. איך האָב אַזוי פיל צו דערציילן טעאַ׳ן. איך קען זיך נישט איינהאַלטן.

איך קלאַפּ נאָך אַ מאָל אָן.

זע, פאַרוואָס עפנט זי נים? און איך האָב זיך אַזוי גע־איילט. בין שנעל דורכגעגאַנגען די גאַסן, אַפילו דורכגעלאָפן דעם בריק.

טעאַ וואוינט אויף דער אַנדער זייט טייך, נישט ווייט פון וואָקזאַל. נאָר די גאַס איז אַ זייטיקע, אַ שטילע. דאָס הויז — אַ קליין, איינשטאָקיק מויערל. די פענצטער גייען אַרויס גלייך אויפן טראָטואַר.

זיינען זיי אפשר צוליב דעם געווען שטענדיק פאַרמאַכט. די שווערע פאָרהאַנגען האָבן איינגעהאַלטן דעם רויש פון דער גאַס, און אויך דאָס ליכט. איז ביי זיי אין זאַל אַלע מאָל קיל און פינצטערלעך. נישט מען הערט דאָרט די דראָזשקעס, וואָס פאָרן צו דער באַן, און נישט די קאָפּיטעס פון די פערד, וואָס קלאַפּן איבער די אויסגעברוקירטע גאַסן.

דאָס קליינע געסל איז געווען אַ העלפט אויסגעלייגט אין האָלץ און אַ העלפט אין שמיינער. און וואָס פאַר אַ שטיינער! איך האָב זיך געגוג געבראָכן די פיס אָן זייערע שאַרפע קעפּלעך, געשפּרונגען פון איינעם אויף דעם אַנדערן!

איך קוק אין טעאָס פענצטער. מען קען זיך דאָרט אָנזען ווי אין אַ שפּיגל. די שויבן בלישטשען, אָנגעהיצטע פון זון. די פאַלדן פון די שווערע גאַרדינען האַלטן אונטער, ווי אַ ראָם, די פּאָר ווייסע שפּיצן־גאַרדינען. אַ לייכט ווינטל וויגט זיי און בלאָזט אָן זייער אָנגעזייפטע ווייסקייט. אויף איין גאַרדינע איז אויסגעשטיקט אַ קעניג, וואָס זיצט אויף אַ טראָן־שטול. אויף דער אַנדערער — אַ קעניגין, שיין און יונג אונטער איר קרוין.

איך האָב זיי נאָר איצט באַמערקט, ווייל פון אינעווייניק — ווער האָט זיי געקענט זען? זיי זיינען געווען אינגאַנצן פאַר־שטעלט מיט בלומען־טעפּ.

בלומען, פלאַנצן אָן אַ צאָל זיינען אָנגעשטעלט אויף אַלע אונטער־פענצטער. טעפּ מיט גרינס שטייען אויפן דיל ביים פענצטער, אין די ווינקלען פון זאַל. זיי שטייען אויף טישלעך, אויף בענקלעך. זיי הענגען אַראָפּ פון די פּאָליצעס. פון גרויסע עמערס פול מיט ערד שטעקן אַרויס פּאַלמעס. זייערע בלעטער — דאָ אויסגעצווייגן אין דער הויך, דאָ אויסגעשפּרייט אין דער ברייט. אַפילו בלעכענע קעסטעלעך פון אונטער קילקעס זיינען אויך פאַרזייט מיט גרינס. עס וואַקסט דאָרטן אַ גרעזל, אַמאָל אַ פּאָר בלימעלעך.

מיט יעדן טאָג ווערן די אונטערפענצטער געדיכטער און דאָס ליכט אַלץ שיטערער.

ווי דאָס זאָל נישט זיין געגוג, ברענגט טעאָס מוטער פון יעדן מאַרק אַ ניי בינטל פרישע בלומען. און ווען זי האָט שוין מער נישט קיין טעפּלעך — שטעקט זי זיי אַריין אין אַ בוטל. פון דרויסן זעט אויס זייער הויז ווי אַלע הייזער — און פאָרט איז דאָס אַנדערש. צי דאָס מאַכט דער סאָד מיט גרינס הינטער

די שויבן, צי די מוזיק, וואָס הערט זיך אַפּילו דורך די צוגעמאַכטע פענצטער.

די מוזיק האָט זיך געטראָגן אַנטקעגן, ווי מען פלעגט זיך נאָר פאַרקערן פון דער גרויסער וואָקזאַל-גאַס אויף זייער קליין געסל.

די שכנישע הייזער בלייבן שטיין שטומע, און הערן זיך צו צו די סאָנאַטעס פון מאָצאַרט און בעטהאָווען. יעדער פאַרביי-גייער שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע הינטער די פענצטער, ציט אויס אַן אויער, זאַפּט זיך אָן מיט אַ קלאַנג און אַן אַנגעוואַרעמ-טער לויפט ער ווייטער.

שוין אויפן וועג צו זייער הויז האָב איך געוואַרט אויף די זינגענדיקע קלאַנגען. אַ ברייטער און אַ לאַנגער האָט דער קלאַוויר געבלישטשעט. אונטער זיין שוואַרץ גלאַנצנדיק דעקל איז ווי באַגראָבן אַ נעץ מיט קלינגענדיקע דראָטן. אַמאָל האָט זיך אויך געהערט אַ פידל. און ווען מען האָט אויף אים נישט געשפּילט, איז דער פידל געלעגן רואיק אויפן קלאַוויר. זיין בויגן, ווי אַן אויסגעצויגענע האַנט, האָט שטיל געוואַרט...

קיין קלאַוויר און קיין פידל איז נישט געווען אין מיין אייגענער היים. איז מיר אומעטיק געווען, באַזונדערס פאַרנאַכט. אַנטלויף איך צו טעאָן. איר היים איז שטענדיק פול מיט מענטשן, מיט געלעכטער און פרייד. נאָך אַזאַ היים האָב איך שטענדיק געטרוימט.

איר מאַמע איז דעם גאַנצן טאָג אין דער היים. מען זעט זי אַרומדרייען זיך איבער די צימערן. דאָ לויפט זי אַריין אין קיך, באַקט שנעל אויס אַ זעמל, אַ טאָרט. דאָ קומט זי צו די געסט אַריין. מיט יעדערן כאַפּט זי איבער אַ וואָרט. צעשמועסט זיך מיט אונדז ווי אַ חברטע. גיט פאַרזוכן אירע מאכלים.

— בעלאַטשקע, עס אויף אַ בלינצע! נישקשה, דאָס וועט דיר ניט שאַטן. דו האָסט אַ שייניטשקע קליידל. דאָס איז אַ נייע?

— מאַנעטשקע, וואָס מאַכט דיין מוטער? — סאָנעטשקע! וואָס

עפּעס אַזוי שפּעט? הער, איז דאָס אַן אמת, איך האָב געהערט, דיין שוועסטער האָט חתונה? — לאַכט און שמייכלט טעאַס מוטער און דרייט זיך ווי אין אַ קאַדריל אַרום יעדערן פון אונדז.

טעאַס חברטעס זיינען פון יאָרן לאַנג די זעלבע. קען זי אונדז אַלעמען, קען אונדזערע עלטערן, אונדזערע משפחות.

קיינער האָט ניט געוואוסט ווי אַלט זי איז. אַ קורצע, אַ דאַרע, מיטן אַן איינגעפאַלענעם גוף, אָבער אַ לעבעדיקע ווי אַ פויגל. אירע דינע ליפּן, שטענדיק נאַסע, ווי ביי טעאַן אַליין, האָבן געשפּריצט מיט ווערטער. די לאַנגע נאָז פאַרשפּיצט פון אונטן, ווי אַ שנאָבל. נאָר אירע שוואַרצע אויגן האָבן געשיינט ווי ערשט־אויסגעוואַשענע.

טעאַס ברידער — דריי האָט זי געהאַט — און אַלע דריי פריילעכע, וויציקע. יעדערער האָט געשפּילט: קלאַוויר, צי פידל. געשפּילט צוזאַמען, געשפּילט באַזונדער.

די אַריינגעקומענע חברים האָבן צוגעהאָלפן: ווער גע־זונגען, ווער געפייפט, ווער אויפגעמישט די מוזיק־נאָטן. אָפט שפּילן מיר אַלע צוזאַמען טעאַטער, שטעלן אויף אַ לעבעדיק בילד פון אַ באַרימטן קינסטלער. מיר פאַרקען זיך אין די שופלאָדן, אין די קליידער־אַלמערס. טעאַס מאַמע זוכט אונדז אויס אירע אַלטמאָדישע קליידער. מיר שלעפּן אַראָפּ פון די בעטן די גע־בלימלטע קאָלדרעס. אַלץ וואָלט אונדז צונוץ קומען. און פאַר מיר איז גאָר געננוג אַ פּשוטער ווייסער ליילעך, צי אַ האַנטוך אַרום דעם קאָפּ. ווייל איך זוים נישט פאַרוואָס, אפשר צוליב מיינע לאַנגע האָר, צי גרויסע אויגן, האָט מען מיר אַלעמאָל געגעבן שפּילן אַ כלה, אָדער אַ „מאַדאָנע“.

ווי איך פלעג נאָר אַריבערגיין די שוועל פון זייער הויז, בין איך גלייך געוואָרן אַן אַנדערע. די לופט איז דאָרטן פול געוועזן מיט קלאַנגען. די פויגלען! דער גאַנצער פאַרצימער איז פול מיט זיי. פויגלען אומעטום, ווי די טעפּ מיט בלומען. גאַנצע משפחות פון פויגלען, פאַרוויין פאַרשטעקט אין „קלעטקעס“. זיי

הענגען אויף די ווענט, שטייען אויף טישלעך. אַ גרינער פּאַפּוגאַי וויגט זיך אין מיטן באַלקן. ער וויגט זיך אויף אַן אײַזערנעם דראָט. וויגט זיך אָפּן, פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. אַלע פֿויגלען טיקען, זינגען, פּייפֿן. ווי עמעצער עפּנט נאָר אויף די טיר פֿון גאַס, וואַרפֿן זיי זיך אויף אים אָן. איין פֿויגל שרייט איבער דעם אַנדערן. קוים הערט מען דעם „גוט־מאָרגן". אין זאַל שפּילט מוזיק.

פֿון הויף טראָגט זיך דאָס בילן פֿון דעם הונט „מאַרקיז". דאָס בילן קומט אַלץ נעענטער, ווײַל טעאָס גרויסער הונט מוז אַ קוק טאָן אויף יעדערן, וואָס גייט אין שטוב אַרײַן. ער קען אונדז אַלעמען. און פֿאָרט פֿאַרקריכט ער יעדעס מאָל אונטער די פּיס און שמעקט אונדז אוים פֿון דאָסניי.

ווערט „מאַרקיז" מיך דערקענען? איך האָב דאָך אים נישט געזען אַ גאַנצן זומער. און די פֿויגלען? איך וועל צו זיי אַ פֿײַף טאָן. איך חלש שוין אַ קוק טאָן ווי זיי וועלן זיך צעשפּרינגען אויף זייערע דראָטן און אָנהייבן פּיקן מיט די שנאָבלען, ווי זיי וואָלטן וועלן מיר געבן די האַנט.

— אָבער זע, פֿאַרוואָס עפֿנט מען מיר נישט אויף די טיר? פֿיל מענטשן זײַנען שוין פֿאַרבײַ. יעדערער קוקט מיך אָן — וואָס שטיי איך אין מיטן טראָטואַר, ווי אַ נאַר? איך וואַרט שוין אַ היפּשע ווײַלע.

אמת, איך אײַל זיך נישט. אַז איך בין לעבן דעם הויז, דאַכט זיך מיר — איך בין שוין דערינען.

אוממעגלעך, אַז איצט זאָל בײַ זיי קיינער נישט זײַן אין דער היים. טעאָס פֿאָטער איז דאָך אַ פֿעלדשער. אַזאַ גוטער פֿעלדשער, אַז אַלע האַלטן אים פֿאַר אַ דאָקטער. קיין אידישער חולה קען זיך גאָרנישט אויסהיילן, ווען ער רופֿט נישט צו זיך דעם דר. בראָכמאַן. און דר. בראָכמאַן טרעפֿט טאַקע אַלע מאָל צו. דאָ מיט אַ גוט־אויסגעשריבענער רפֿואה, דאָ מיט אַ פֿאַסיקן גלײַכוואָרטל, וואָס ער נעמט פֿאַר זײַן אָוועקגיין ווי פֿון די

קעשענעס אַרויס. די באַרואיקטע משפּחה שטעקט אים זײַן „פֿאַלטיניק" אין האַנט אַרײַן.

די פּויערים האָבן אויך ליב צו היילן זיך ביי טעאָס פּאָטער. זיי קומען אַפילו פון די ווייטע דערפער. באַזונדערס אין אַ מאַרק־טאָג. זיי ברענגען פאַרקויפן אַ חזיר, אַ קעלבל, נעמען זיי שוין מיט זייער קראַנק קינד.

מען וויקלט איין דאָס עופעלע אין די זעלביקע פאַטשיילעס וואָס מען טראָגט אויף זיך. דאָס קינד איז ווי אַ צוגעשפּילעטע צו דער פויערטע — זעען זיי ביידע אויס קראַנק. אַמאָל פאַר־שלעפּט מען אַן אַלטן קראַנקן פּויער. ווי אַ שולדיקער זיצט ער אויפן בענקל און קוקט. ער קוקט אויפן דיל, ווי עס זאָל זיין ערד. דאַכט זיך, ער שלאָפט. מיט אַמאָל כאַפּט ער זיך אויף און גיט אַ שפּיי, ווי אויף זיך אַליין. די פּויערים קומען אַלע מיט אַמאָל און צעזעצן זיך ענג אויף די פּאָר בענקלעך פון טעאָס וואַרט־צימער. זיי וועלן זיך בעסער אויסציען אויפן דיל, איידער זעצן זיך אויף שטולן — שטולן זיינען דאָך פאַר פּריצים. זיי קוקן אָן די פויגלען, וואָס דערמאָנען זיי זייער דאָרף, זייער גאָרטן.

וואָס זעט זיך טעאַ נישט אָן ביי זיך אין דער היים? די אַלע געשווירן וואָס פוילן אָפּענערהייט, די צעקראַכענע אויגן פון די אַלטע פּויערים, וואָס גיסן זיך אויס אין טרערן! טעאַ עפנט זיי אַלעמען די טיר, גייט דורך דעם פּאַרצימער. סטאַרעט זיך אַ שמייכל טאָן, טרייסטן, אַז מען וועט זיי באַלד אויפנעמען.

זיי ווייסן דאָך, אַז אין זאַל וואַרטן נאָך אַנדערע, שטאָטישע קראַנקע, וועלכע איר טאַטע נעמט צו ערשט אויף.

— פּאַפּאַ וועט באַלד פרייַ! — מוטיקט זי די פּויערים.

— יאָ, פּאַנענקע! — שטייען אויף די פּויערים פון פרייד. שטייענדיקערהייט שפּאַרן זיי אַריין אין טעאָס האַנט אַ קליינע קאַשאָלקע.

— פּאַנענקע, אָט גיב עס איבער דער מאַמען. פּרישינקע אייער, ערשט צונויפגעקליבענע!

זיי צאָלן פאַראויס. אפשר וועט מען זיך גיכער אויף זיי דערמאָנען.

צו פּאַרנאַכט בלייבט נישט איבער קיין קראַנקער אין שטוב. אָוונט־צייט פאָרט דער דר. בראַכמאַן אליין ארום אויף וויזיטן. דער קוטשער שפּאַנט איין דאָס פערדעלע און דער דאָקטער פאָרט ארום איבער דער שטאָט. צווישן איין חולה און דעם אַנדערן פּאַרפאָרט ער צו אַ געזונטן פריינט. פאַרוואָס נישט?

מען האָט געהערט אין שטאָט, אַז דר. בראַכמאַן האָט ליב אַ קערטל, אַ גלעזל בראַנפן. געמוזט זיין אמאָל אַ פריילעכער בחור. מען זעט עס היינט נאָך זיין רויטער נאָז, נאָך זיינע שווערע אויגן־זעקלעך. אָבער די אויגן אליין בלישטשען דורך זיינע שפּאַקולן. זיין הייזעריק קול צעברעקלט זיך אָפט אין אַ געלעכטער.

איצט, ווי איך שטיי אַזוי ביי דער טיר, איז דר. בראַכמאַן זיכער אין שטאָט. פרוי בראַכמאַן און טעאַ רוען זיך אָפּ פון די קראַנקע, פון דער טיר, וואָס מען עפנט אויף און מען מאַכט צו. הערן זיי נישט ווי איך קלאַפּ אין טיר? איך וויל נישט קלינגען. איך קלינג קיינמאָל נישט ביי זיי. ווייל פרוי בראַכמאַן וועט מיינען, אַז ס׳קלינגט ווייטער אַ חולה — וועט זי אַ געשריי טאָן פון דערווייטנס:

— דער דאָקטער איז נישטאָ אין דער היים! קומט מאָרגן אין דער פרי. — און וועט נישט עפענען די טיר.

אָבער וואָס איז דאָס? איך הער דעם הונט בילן. אוודאי האָט ער מיך דערהערט. אַן אַלטער הונט, אָבער פאָרט אַ הונט. איז אויב „מאַרקיז" איז דאָ, איז טעאַ אויך אין דער היים. אַן איר הונט, גייט זי דאָך נישט ארויס אין גאַס.

פילט זי גאָרנישט אַז איך בין דאָ? זי האָט זיך אָפּגעוואוינט פון מיר. דעם גאַנצן זומער מיך נישט געזען. און איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן איר, ווען איך בין געווען אין אויסלאַנד. דאָרטן, אין די גרויסע פרעמדע שטעט, האָט זי מיר

אויסגעפּעלט. איך פּלעג זיך טרעפן נאָר מיט דער מאַמעס באַ־קאַנטע, אַלץ עלטערע מענטשן. קיינער האָט נישט מיטגענומען זייערע קינדער. איך וואָלט טעאַן דערציילן ווי עס איז אומעטיק צו בלאָנדזשען אַליין אין די גרויסע פרעמדע גאַסן. די הייזער זיינען הויכע, מוראַדיקע. ווען מען וויל אויף זיי אַ קוק טאָן, מוז מען פאַרדרייסן די אויגן. איך וויל איר זאָגן: — מער פון אַלץ האָבן מיך איבערראַשט די בלומען, וואָס וואַקסן דאָרטן אין מיטן גאַס. גאַנצענע פּלעצער זיינען אויסגעלייגט מיט בלומען, ווי מיט טעפּיכער.

פערד און דראָזשקעס פאָרן זיי אַרום. קיינער טשעפּעט נישט די בלומען, וואָס שמעקן מיט טויזנטער גערוכן.

טעאַ וואָלט זיכער הנאה האָבן פון זיי. זי האָט דאָך ליב בלומען. זי שטעקט אַריין אַ בלימעלע אין אירע האָר, אין איר קליידל . . .

ווען טעאַ וואָלט זען די פערד און די דראָזשקעס! זיי זיינען הויכע, וואוקסיקע. מען קריכט אויף זיי אַרויף ווי אויף אַ באַרג. אונדזערער אַ פורמאַן וואָלט נישט וויסן ווי צו פירן זיי. אַלע לויפן אַליין זיך.

ווי איך פלעג זיך אָפּשטעלן אַ קוק טאָן אויף אַ וועלכן עס איז פּנים, וואָלט עס מיר פאַרשווינדן ווי אונטער די הענט. עס בלייבט נאָר אין זכרון אַ מאַנטל, אַ פּאָר פעדערן פון אַ הוט. וויל איך אַ קוק טאָן אויף אַ קאָפּ — גיבן מיר גאָר אַ בליץ אויס־געפּוצטע שיך. דאָ גלאַנצנדיקע שוואַרצע, דאָ געלע, רויטע — לויפן זיי אַרום איבער די טראָטואַרן.

אָך, ווען טעאַ וואָלט זיין מיט מיר דעם טאָג, ווען דער ווינט האָט פאַרטראָגן אַ שטרויענע הוט פון אַ מאַנסביל! דער הוט איז ווי אַנטלאָפן. און דער מענטש? אָט, דאַכט זיך, איז ער געגאַנגען לעבן מיר. און מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ ריס געטאָן, ווי זיך אָפּגעטשעפּעט פון דער ערד. איך האָב אים געזוכט, גע־זוכט. קיינער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אַ קוק טאָן אויף אים.

איך וויל שוין טאָן דערציילן ווי איך בין שעהענווייז גע־שטאַנען לעבן די געשעפט־פענצטער.

ביז איך קוק זיי אויס! אַמאָל זיינען די פענצטער גרעסער פאַר דער קראָם אַליין.

— מאַמע, מאַמע, קום זע, וואָס טוט זיך דאָ! אָט דאָ קענען מיר איינקויפן אונדזערע מתנות! — האָב איך געשלעפט די מאַמע.

— מאַמע, קוק, אָט איז אַ בוים פון נאַזטיכלעך! זע, אָט איז אַ כלה אין פענצטער! —

אָבער די מאַמע איז צעטראָגן:

— לאָז מיך צו רו! מען קען דאָ גאָר משוגע ווערן! ווער דאַרף עס האָבן אַזוי פיל זאַכן.

און מיט אַמאָל גיט זי מיר אַ זאָג:

— קום בעסער, טעכטערל, אַהיים! איך האָב מורא, דו וועסט נאָך פאַרגעסן ווי עס הייסט אונדזער האָטעל. דו גע־דענקסט נאָך אַלץ ווי הייסט אונדזער גאַס? —

אין פענצטער האָב איך דערזען אַ גרינע טיראָלישע פעלע־רינע און צו איר אַ גרינע הוט מיט אַ גרינער פעדער. מיר האָט זיך פאַרוואָלט עס האָבן. די מאַמע טענהט:

— וואָס ווילסטו זיך אין מיצקע דערינען אָנטאָן אין אַ גרינער פעלערינע? —

אָט האָב איך זי טאַקע אָנגעטאָן. ווער זי געפעלן טעאָן? די גרינע פעדער שטעקט ווי אַ פויגל אויף מיין קאָפּ. מען זעט גלייך, אַז עס איז אַן אויסלענדישע. גיי קריג אַזאַ פעדער אין וויטעבסק!

דאַכט זיך, אַז אַלע קוקן אויף מיין הוט.

— אַהאַ! עס קומט דיר אַ שלום־עליכם! נו, גוט פאַר־בראַכט די צייט? דו האָסט אַ שיינעם הוט! טראָג געזונטער־הייט. אין אויסלאַנד קען מען שוין אַלץ קריגן. —

ווען איך וואָלט זיך מיט יעדערן אָפּשטעלן אין גאַס, וואָלט איך אויף מאָרגן נישט קומען צו טעאָן. נאָר טעאָ אַליין איילט זיך נישט אַ קוק טאָן אויף מיר! מיר איז שוין דערעסן צו וואַרטן.

וואָס, עס דוכט זיך מיר? עפּעס האָט אַ בליץ געטאָן אין די פענצטער. — זע, אָט איז טאַקע טעאָ! זי איז דורכגעלאָפן דעם זאַל און פאַרשוואונדן. זי איז צוריקגעקומען, צוגעגאַנגען צום קלאַוויר. וויל זיך זעצן שפּילן?

טעאָ הויבט אויף דעם גלאַנצנדיקן דעקל און קוקט אַהין אַריין. זי איז פאַרטראַכט. האָט וואָס פּאַסירט ביי זיי אין שטוב? ווער ווייס! טעאָ קען אַמאָל אויסטראַכטן אַ צרה און אָנטשעפּען זי אויף זיך. ווען אַלץ איז שטיל און רואיק, איז איר צו אומעטיק. זי זעט מיך נישט? זי שטייט מיטן רוקן צום פענצטער. וואָס איז מיט איר היינט? איך האַלט נישט אויס און גיב זי אַ רוף:

— טעאָ!

זי פאַרטרייסלט זיך ווי פון אַ דונער. פאַרוואָס האָט זי זיך דערשראָקן? האָט זי נישט דערקענט מיין קול? אָדער האָט זי געוואַרט אויף וועמען עס איז אַן אַנדערן? זי לויפט צו צום פענצטער.

— אָך, דאָס ביסטו, בעלאַ? ווען ביסטו געקומען? דו האָסט מיך דערשראָקן!

— נאַרעטשקע, וואָס איז מיט דיר? עפן גיכער אויף! —

— אָ, סאַראַ שיינע פעלערינקע דו האָסט! וואו האָסטו עס געפונען?

— ס'איז דיר טאַקע געפעלן?

מיר צעקושן זיך. זי קושט מיך עפּעס לענגער ווי אַלע מאָל. איך פיל, זי צעגייט זיך אויף מיינע פּלייצעס. אָט, דאַכט זיך, וועט זי זיך צעוויינען.

— טעענקע, טייערע! — איך דריק זי נאָך מער צו זיך. איך גיב אויף איר אַ קוק. זי צאַפּלט זיך. ווי זי זאָל טראָגן אין זיך אַ גרויסן סוד, וואָס זי האָט מורא צו צעטרייסלען.

איז זי נישט צופרידן צו זען מיך? אלע מאָל, ווען זי טרעפט מיך — קוקט זי דאָך מיך אוים מיט אלע אויגן. און היינט? עפּעס איז דאָ, עפּעס איז דאָ נייעס, וואָס איך ווייס נישט. מסתמא דערפֿאַר האָט זי מיר אַזוי לאַנג נישט געעפֿנט די טיר. איך וואַרט. זי וועט מיר דאָך עס גלייך דערציילן.

איך וואַרט נאָך אַ רגע. איך הויב אָן די ערשטע:

— טעאַ, דו ווייסט . . .

איך דערצייל איר איין מעשה נאָך אַן אַנדערער. אָבער מיינע ווערטער פֿאַלן אַראָפּ ווי הינטער אירע אויערן.

אַריבער אין עסצימער. טעאַן זיצט זיך נישט אויף אַן אָרט. איך באַליידיק זיך: וואָס עס איז נישט אינטערעסאַנט, וואָס איך דערצייל? אַלע מאָל הערט זי זיך אַזוי צו מיר צו! איך רייד, איך רייד. נ אָ ר א י ך רייד. טעאַ שווייגט.

איך הער אָבער ניט אויף צו רעדן. איך האָב מורא פֿאַר איר שווייגן.

אין די פֿענצטער שאָטענען זיך די פּאַרטונקלטע פּלאַנצן. דער אָוונט פֿאַלט צו. מיר דוכט זיך, מיינע ווערטער דערגייען גאָר נישט צו טעאַן. זיי בלייבן הענגען, ווי עס הענגט דער גרויסער הענגלאָמפּ איבער אונדזערע קעפּ. דער באַלקאָן אין דעם פֿינצטערן צימער צעמישט זיך מיט דער נאַכט. מיר פֿאַלט איין: מיר זיינען דאָ נישט אַליין... מיר ווערט מוראדיק. די פּלאַנצן אויף די פֿענצטער, אויף די טישלעך, האָבן זיך אויסגעצויגן. די בלומען — זיך אָנגעזופּט מיט שוואַרצער לופֿט. איך הער ווי זיי אָטעמען, ווי זיי קרעכצן. איך הער ווי עס ציטערט אויף אַן איינגעשלאָפֿענער פֿויגל. ער גיט אַ געשריי אין דער וועלט אַריין. איך קער אָפּ מיין קאָפּ. פֿון אַ זייטיקער טיר גיט אַ בליץ אַ ליכטיקער שפּאַלט. ווי אַן אמתער בליץ זאָל געבן אַ שטאָך אין דער פֿינצטער.

איך הער זיך צו. איז עמעצער אַריין?

***

מיר האָט זיך אַ דוכט געטאָן — אַ נייער שאָטן איז געפאַלן אויף טעאָס פּנים. ווען טעאָ וואָלט זאָגן אַ וואָרט, איין לעבעדיק וואָרט ... פאַרוואָס דערציילט זי מיר גאָרנישט? זי האָט דאָך ליב צו רעדן. זי פאַרשטיקט אירע ווערטער. איר איז אַפילו טרוקן אין מויל. זי טונקט אַלץ אירע ליפּן, כאָטש זיי זיינען שטענדיק ביי איר נאַסע. איך קוק זי אָן פון אַ זייט. זי זאָל נישט זען, אַז איך קוק אויף איר. פאַרן זומער איז זי, דאַכט זיך, אויסגעוואַקסן, ברייטער געוואָרן. זי האָט אַזוי אויך געהאַט ברייטע פּלייצעס. איר פּנים—נישט אַ מיידלשער און נישט אַ אינגלשער. איר שטערן הויבט זיך איבער איר קאָפּ מיט די גלאַט פאַרבאַרשטענע האָר. אויפן רוקן פאַלט אַראָפּ אַ קליין צעפּעלע ווי ביי אַ קליין מיידעלע. איר שטיל קאָלירט קלייד נעמט אַרום איר גוף. די פיס זיינען לענגער געוואָרן. זי האָט זיך שוין אַזוי געשעמט מיט אירע גרויסע פיס. זי לויפט דאָך שוין אַזוי גיך ווי אַ אינגל. אַמאָל לויפט זי אַזוי שנעל ווי איר הונט.

אירע הענט זיינען אויך גרעסער פאַר מיינע און שטענדיק פאַרשוויצטע און פאַרשטעקטע אין די קעשענעס. ווען זי גיט מיר אַ האַנט, צעברעכט זי מיר די ביינדלעך. טעאָ איז אַלע מאָל אַ פריילעכע, באַזונדערס צווישן מענטשן פאַרגיסט זי אַלעמען מיט לידער. זי שפּריצט מיט גלייכווערטלעך. דערציילט זיי זאַפטיק, געשמאַק, אַז אַלע קייקלען זיך פון געלעכטער. דערפאַר האָבן זי טאַקע אַלע ליב.

זי האָט ליב צו זיין צווישן אינגלעך. צעקושט זיך מיט זיי גלייך אין די ליפּן. האָט ליב אַפילו שלאָגן זיך מיט זיי. מיט מיידלעך, פאַרקערט — ווערט זי צאַרט. זי קען זיך פאַרקוקן שעהענווייז אויף אַ לאַנגן האַלדז, צי שיינע הענט.

אָט, דאַכט זיך, איז זי לעבעדיק, פריילעך און מיט אַמאָל קערט זי זיך אום און וואַרפט אויף זיך אָן אָן אומעט. וויקלט זיך אין אים איין ווי אין אַ שוואַרצער פאַטשיילע.

זי זינגט שוין אַ טרויעריקן ניגון מיט אַ ביסל אַ הייזעריקן קול.

און וואָס קען טעא נישט? זי שפּילן קלאַוויר, זי שפּילן אין קאָרטן, זי רעדן דייטש, זי דעקלאַמירן אַ לעצט-געדרוקטע פּאָעמע. זי שרייבט אַפילו לידער. און אירע לאַנגע בריוו, גע־דיכט אויסגעשריבענע ביז דעם לעצטן שטיקל פּאַפּיר, זיינען אַלע מאָל איינגעגריבלט אירע אַ פּאָר נייע לידער. ווען זי לייענט זיי אויפן הויכן קול, לייענט זי מיט אַן אַראָפּגעלאָזענער שטימע. און, ווען עס פאַלט אויף איר אַן אַזאַ מרה־שחורה, איז אַ שרעק אויף איר צו קוקן.

אפשר, היינט אויך?... פאַרוואָס איז זי אַזאַ צעטראָגענע? זי איז דאָך מיין חברטע פון קינדהייט אָן. יעדן יאָר גייען מיר אַריבער אין דעם זעלבן קלאַס. האָבן געהאַט די זעלבע דאגות, די זעלבע פרייד. כאָטש מיר זיינען פאַרשיידענע, האָבן פאַר־שיידענע אויגן, פאַרשיידענע הענט און פּיס.

וואָס-זשע אַנטלויפט מיט אַמאָל איצט טעא פון מיר? זי פאַרשווייגט פון מיר וואָס! איך צאַפּל זיך:

— טעא, דו ווייסט, איך האָב אַזוי געלאַכט! אַ שאָד, וואָס דו ביסט נישט געוועזן מיט מיר. די . . . — איך וויל, אַז טעא זאָל זיך ענדלעך צעלאַכן.

— יאָ? — דרייט זי זיך אוים מיט אַ קרומען שמייכל און אַ פאַרשעמטע גיט זי אַ קוק אויף דער טיר פון איר טאַטנס קאַבינעט . . .

***

ווער איז דאָרטן? צו וועמען הערט זי זיך צו? איר טאַטע איז דאָך אין שטאָט ביי די קראַנקע. אַ שאָטן, דאַכט זיך, איז דורכגעקראָכן הינטערן שפּאַלט פון דער טיר. דאָס לאַכן האָט זיך אָפּגעהאַקט אין מיין מויל. איך האָב זיך דערשראָקן.

ווער איז דאָרטן? וואָס באַהאַלט פון מיר טעא?

שטילערהייט עפנט זיך די טיר אַלץ מער פאַנאַנדער און

עמעצער גיט מיר ווי אַ ברען אין רוקן. איך בלייב שטיין אויפֿן אָרט. כ׳האָב מורא זיך אומצוקערן. מיר דאַכט זיך, אַ פייער יאָגט זיך נאָך מיר. איך זע, ער גליטשט זיך אַרום די ווענט. און אויפֿן העלן וואַנט-פּאַפּיר צייכנט זיך אויס אַ פּנים פֿון אַ אינגל. אַ פּנים ווייס ווי די וואַנט אַליין.

פֿון וואַנען האָט ער זיך גענומען? איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען. ער איז נישט ענלעך נישט אויף די ברידערס חברים, נישט אויף אַנדערע. ער איז עפּעס אַ פֿאַרדרייטער, ווי ער זאָל מורא האָבן זיך שטעלן אויף די פֿיס. וואָס, ער האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט פֿון שלאָף? זיין האַנט האָט זיך אויפגעהויבן און זיך פֿאַרגעסן אַראָפּצולאָזן. איז זי געבליבן — אַן אויסגעדרייטער שטעקן . . .

וואָס האָט ער געוואָלט טאָן מיט דער האַנט? זאָגן מיר „גוט מאָרגן”? צי אפשר גאָר . . . אַ קלאַפּ טאָן? איך האָב אפשר צעשטערט זיין שלאָף. ווי קומט ער צו שלאָפן דאָ אין מיטן טאָג? זיין קאָפּ מיט האָר איז צעטומלט. געקרייזלטע רינגעלעך הענגען, ווי בייגעלעך, אַראָפּ. זיי וויקלען זיך איין, קלעפּן זיך צו זיין שטערן, פֿאַרשיטן אים די אויגן מיט די ברעמען.

און ווען די אויגן קריכן אַרויס, זיינען זיי בלוי ווי ערשט פֿון הימל. אַזעלכע מאָדנע אויגן, נישט ווי ביי אַלע מענטשן. לאַנגע, ווי מאַנדלען. יעדער אויג קוקט אין זיין זייט. יעדערער שווימט אַוועק, ווי אַ שיפֿל, ווייט איינער פֿון דעם אַנדערן. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזעלכע „קאַסע” אויגן. אפשר יאָ — אין אַ ביכל ביי וועלכער עס איז אויסגעמאָלטער חיה. זיין לאַנג מויל איז אָפֿן. די עקן צעלויפֿן זיך אין דער הויך, צו די אויערן.

איך ווייס נישט צי וויל ער רעדן, צי מיך אַ ביס טאָן מיט זיינע ווייסע, שאַרפֿע ציין. אָט גיט זיך ביי אים אַלץ אַ ריר פֿון אָרט, ווי טאָקע ביי אַ חיה, וואָס שטייט אויף איין פֿוס, גרייט אין יעדן מאָמענט זיך אָפּרייסן פֿון דער ערד. ער וויל אַלץ אויס-

ציען זיינע פאַרבויגטע הענט און פיס און . . . פאַרבויגט זיי נאָך מער. און דערוויילע — לאַכט ער. לאַכט ער נאָך פון שלאָף? צי לאַכט ער פון מיר?

איך מיין דאָך אַלע מאָל, אַז יעדער לאַכט פון מיר. דאָס אינגל איז אַוודאי צופרידן צו זען אַ מיידל, וואָס האָט מורא פאַר אים.

און ווי האָט דאָס טעאַ געקענט מיך אַזוי אויסנאַרן! פאַר־וואָס האָט זי מיר גלייך נישט געזאָגט, אַז ווער־עס־איז אַ פרעמדער זיצט ביי איר?

איך בין בייז אויף איר. און איך האָב גערעדט אַזוי פיל נאַרישקייטן! דאָס אינגל האָט אַלץ געהערט און דערפאַר טאַקע לאַכט ער פון מיר. אַזאַ חוצפה — לאַכן מיר גלייך אין צורה!

אָ! איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס טעאַ האָט געשוויגן און נאָר מיך געלאָזט רעדן. האָט זי זיך געשעמט פאַר מיר וואָס אַ אינגל איז געבליבן זיצן ביי איר? צי זי האָט זיך געשעמט פאַרן אינגל? ווער איז ער?

איצט ווייס איך גאָר נישט וואָס צו טאָן, וואוהין זיך אַהינצוטאָן.

ווי אַן אָפּגענאַרטע, בלייב איך שטיין אין מיטן צימער. איך וואָלט וועלן אַנטלויפן. אַנטלויפן פון מיין צעדרייטער חברטע און פון איר דרייענדיקן אינגל. ער לאַכט מיך אויס מיט אַ גאַנצן מויל מיט ציין, ווי ער זאָל מיך צעזעגן אויף שטיקלעך. וועגן וואָס טראַכט ער? מיר דאַכט זיך, ער האָט וואָס אין זינען. איך זע ווי זיין שטערן האָט זיך צעקנייטשט, ווי ער וואָלט געדאַרפט אויסשניצן אַ וועג פאַר זיין דורכגעלאָדענעם געדאַנק. אָט גייט ער צו נעענטער צו מיר. איך לאָז אַראָפּ די אויגן. קיינער זאָגט נישט קיין וואָרט. יעדערער פון אונדז הערט ביים אַנדערן קלאַפּן דאָס האַרץ.

איך האַלט נישט אויס.

— טעאַ, איך דאַרף גיין אַהיים . . . — האָבן זיך קוים אויפ־

געעפנט מיינע פאַרטריקנטע ליפּן. אין קאָפּ איז היים. דער גאַנצער גוף טוט מיר וויי, ווי מען זאָל מיך אָפּשמייסן מיט פייערדיקע ריטער. מיט אַמאָל גיט דאָס אינגל אַ זאָג:

— פאַרוואָס? וואוהין איילט איר זיך? איר האָט אַזאַ שיין קול! איך האָב אייך געהערט לאַכן! —

ער רעדט! ער רעדט צו מיר! ער האָט נישט מורא פאַר דער שטילקייט! ער הרגעט מיך אַוועק! אָבער איך פאַרשטיי נישט — ער קען דאָך מיך נישט. וואָס וויל ער פון מיר? וואָס האָט ער געזאָגט וועגן מיין קול? —

איך גיב אַ קוק אויף טעאַן.

— דו ווייסט, דאָס איז דאָך . . . דער קינסטלער . . . איך האָב דאָך דיר פון אים דערציילט . . . — באַלעבט זיך מיט אַמאָל טעאַ.

דאָס בלוט האָט מיר פאַרגאָסן דאָס פּנים, ווי מען זאָל מיך כאַפּן אויפן אָרט אין אַ גנבה. זי רעדט שנעל, ווי זי זאָל וועלן זיך ראַטעווען. אַ מבול פון ווערטער. אירע ווערטער פאַר־פלאָנטערן מיינע פיס. אַ!... יאָ!... — איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן. איך פיל — איך בין ווי אַרומגערינגלט פון אַ שפּין־געוועב. אירע ווערטער קלעטערן אויף מיינע הענט, אויף מיין האַלדז, קיצלען מיין הויט, ווי זיי זאָלן וועלן מיך שטילערהייט דערווערגן. איך פאַרכאַפּ מיין הוט, מיין פעלערינע און לויף אַרויס אויף דער גאַס.

— אוף! — דאָס ווינטל וואַשט מיין פּנים. דער קאָפּ האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט אויף די פּלייצעס. די פיס זיינען גע־וואָרן לייכט און לויפן פון זיך אַליין. אָבער דאָס פּנים פון דעם אינגל לויפט אַן אַ זייט, ווי אַ שאָטן, און בלאָזט מיר אין די באַקן, זשומעט מיר אין די אויערן. איך טרייב אים אָפּ — ער פאַרלויפט פון אַן אַנדער זייט.

אין אונדזער קליינעם קרייז פלעגן מיר זיך טרעפן מיט אַ

פּאָר קינסטלער, אָבער קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט אַזאַ פּנים ווי ער.

אָט, למשל, וויקטאָר האָט גאָר אַן אַנדערן אויסזיכט. אַ שיינער, אַ חנעוודיקער, אַ מיידלשער פּנים, אָבער זיין שיינקייט, ווי אַ ביטערע שאָקאָלאַדקע, שטופּט פון זיך אָפּ אַזוי ווי זיינע בילדער.

איך האָב געמיינט, אַז אַן אמתער קינסטלער מוז אויסגראָבן זיין האַרץ און עס אַריינשטעלן מיט זיינע בילדער אין איינעם אין מיין אייגן האַרץ. און די מאָלערס, וואָס זיינען געוועזן אַרום אונדז — גיבן אַפילו נישט אַ שאָקל די לופט אַרום זיך. דאַכט זיך, איך מאַך נישט קיין טעות — איך זע זיי געניו און זיי לאָזן זיך זען. יעדערער איז דאָך פאַרליבט אין זיך און שטייט ווי פאַר אַ שפּיגל: נאַ, קוקט אויף מיר!

אָבער דער נייער קינסטלער, וואָס זיין שאָטן לויפט מיר איצט נאָך, איז ווי אַ פינקלדיקער שטערן. מען קען אים נישט אַנטלויפן. ער בלישטשעט דאָ מיט אַ שטעכנדיקן פייער, אַז עס ווערט דיר קאַלט. דאָ ווערט ער פאַרנעפּלט און טוליעט זיך צו דיין אויג. און וואָס פאַר אַ נאָמען ער האָט! מען דאַרף קענען טראָגן אַזאַ נאָמען. ווי אַ שאַל פון גלעקער. דאַכט זיך, ער איז ברייט און שטאַרק, אָבער ער איז ווי אַן פּים. אַנשטאָט פּים טראָגן אים זיינע לייכטע האָר.

ניין — איך נאַר זיך. ער לאָזט זיך גאָרנישט אַזוי לייכט אוועקטראָגן. עפּעס איז ער פאַרדרייט, ווי אַ נישט-צוגעשרויפּ-טער. מען וואָלט זאָגן, ער שעמט זיך. יאָ, אָבער ער לאַכט אַזוי...

מיר איז שווער צו זיין אין איינעם מיט אינגלעך. ווי זיי גיבן אויף מיר אַ קוק, ווילט זיך מיר אויסדרייען פון זייערע בליקן. אָבער ער —דרייט זיך אַרום זיך אַליין. זיינע ציין בייסן מיך פון דער ווייטן — אַזעלכע שפּיציקע!

אָך, איך וויל שוין גיכער קומען אַהיים! איך האָב נאָך נישט געענדיקט מיין ביכל. איך וועל פאַרקריכן אין אים און

לייענען אַן אַ סוף. פון אַלע בלעטער רינגלען זיך אַרום מענטשן, באַקאַנטע און פרעמדע, שוואַרץ און ווייסע. זייערע שטימען, זייערע טריט — ווי פאַרשטעקט צווישן די שורות.

אַט איז דאָס קול פון דעם אינגל אַריינגעקראָכן אין מיינע אויערן.

— וואָס איז צווישן טעאַ און אים? קענען זיי זיך שוין לאַנג? — אַך, איך האַלט נאָר אין איין אויסטראַכטן! איך בין אַליין אַ צעטומלטע ווי דאָס אייז אין פרילינג־צייט, וואָס צעהאַקט זיך אויף שטיקלעך מיטן ערשטן שפריץ פון זון.

יאָ, איצט דערמאָן איך זיך. טעאַ האָט טאַקע מיר פריער דערציילט, אַז וויקטאָר האָט זי באַקענט מיט זיינעם אַ חבר. איז דאָס דער זעלבער קינסטלער?

דאַכט זיך, זי האָט געזאָגט, אַז ער איז אַזאַ אָרעמער, אַזאַ אָרעמער, ער האָט אַפילו נישט קיין צימער וואו צו אַרבעטן. און ווען ער וויל מאָלן, מוז ער אַרויפקריכן אויפן אויוון פון קיך. זיינע היימישע האָבן מורא, ער וועט פאַרשמוצן די שטוב מיט זיינע פאַרבן.

איז נאָר אויפן אויוון צווישן די פאַרשטאַפּטע גליאַקעס און די קוואַקטשענדיקע הינער, וואָס לייגן דאָרטן אייער — שטערט ער קיינעם נישט.

און אַז ער ברענגט אַרונטער זיינע אָנגעמאָלטע לייוונטן, כאַפּן זיי אים אַרוים פון די הענט די שוועסטער זיינע און לייגן זיי אוים אויפן דיל, וואָס זיי האָבן ערשט אויסגעוואַשן.

טעאַ איז זיכער געווען ביי אים אין דער היים. פאַרוואָס האָט זי מיך קיינמאָל נישט מיטגענומען? איך וואָלט אויך וועלן זען זיין שטוב, דעם אויוון וואו ער מאָלט.

— און ווי טעאַ קען איינהאַלטן אַ סוד! נאָר איין מאָל האָט זי מיט מיר פון אים גערעדט. און וואָס ווייס זי נאָך פון אים? איך וואָלט אויך וואָס וועלן וויסן... זיי טרעפן זיך, מסתמא, אָפט זיי זעען אוים צו זיין גוט באַפריינדעט צווישן זיך.

אַך, איך בין טאַקע אַ נאַר! וואָס האָב איך עס פריער נישט פאַרשטאַנען? געזעסן און געבאַלבעט מיט איר, נאָר געשטערט זיי — איך האָב דאָך געזען, זי איז אַ צעטראָגענע — האָב איך געדאַרפט פאַרשטיין און לאָזן זיי צו רו. אָבער איצט איז אַלץ פאַרפאַלן... אפשר איז טעאַ נאָך ברוגז אויף מיר? מילא, דאָס אינגל . . . ער האָט זיך באַוויזן, זיך אויסגעלאַכט, און אַ גוטן טאָג!

ווער איז אין דעם שולדיק? איך? ווי האָב איך געקענט וויסן, אַז גראַדע דעמאָלט זיצט און וואַרט אויף איר אַ אינגל? זי איז אויך אַ גוטע! וואָס בין איך — אַ פרעמדע פאַר איר? זאָג אוים דעם אמת און אַ סוף!

איז ניין! און וואָס אַז עס זיצט אַ אינגל אין דעם טאַטנס קאַבינעט און רוט זיך דאָרטן אוים? ער שלאָפט זיך, אוודאי, נישט אוים ביי זיך אין דער היים, אַז אַרבעטן דאַרף ער אויפן פאַפליץ. איז וואו שלאָפט ער?

ביי טעאַן אין איר טאַטנס קאַבינעט שטייט אַ לאַנגע סאָפקע, באַדעקט מיט אַ שווארצער צעראַטע, ווי אַ נאַסע בלאָטע. בייטאָג ליגן אויף איר קראַנקע און פאַרנאַכט שטייט זי ליידיק. דאָס אינגל, ווי צופעליק, האָט זיך אויסגעגליטשט אויף איר און געכאַפט אַ דרעמל.

איצט פאַרשטיי איך. אוודאי, ווען ער איז אַנשלאָפן געוואָרן, איז טעאַ פון שרעק אַרוים אין זאַל, וואו איך האָב זי דערזען פון גאַס.

מען קען זיך טאַקע דערשרעקן. עס קומט אַ אינגל צו גאַסט און מיט אַמאָל ווערט ער אַנשלאָפן. און גאָט ווייס, ווען ער וועט זיך אויפכאַפן. עס קען דאָך איר מאַמע אַריין אין צימער. וואָס וועט זי זאָגן? מיט אַזאַ אינגל קען מען טאַקע נישט זיין זיכער. ווער ווייס? אָט ווען איך טראַכט אַזוי וועגן אים, שווימט צו מיר צו זיין פנים גאַר אַ פאַרענדערטער, ווי ער זאָל האָבן עטלעכע געזיכטן. זיי פליסן איינער נאָך דעם אַנדערן.

דאָ איז זיין פּנים ליכטיק, בלישטשעט מיט די אויגן, מיט די ציין, ווי הינטער זיין הויט זאָל שפּריצן אַ פייער פון אַ לאָמפּ. דאָ האָט זיך אויף זיין פּנים ווי אַראָפּגעלאָזן אַ שוואַרצער לאָדן. דאָס ליכט איז פאַרשוואונדן. איך זע גאָרנישט . . .

אָך, נאָך וואָס ?

ניין ! אָבער זעט ער נישט אויס ווי אַן אמתע חיה ? מיט זיין קוק שפּרינגט ער אויף דיר אַרויף, צעשמעטערט דיך אין שטיקלעך. און שפּרינגען שפּרינגט ער אַמאָל — ווייך ווי אַ קאַץ, דרייט זיך אַרום . . . איז ער אַ בייזער ?

אָך, וואָס האַלט איך נאָר אין איין טראַכטן וועגן אים ? איך וועל דאָך אים מער נישט זען ! ווייניק אינגלעך האָב איך גע־טראָפן ביי טעאַן אין שטוב ! יעדערער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און — „דאַ סווידאַניאַ" !

אָבער אַ מאָדנע זאַך : זיי ביידע קלעפּן זיך נישט איינס צום צווייטן. דאַכט זיך, זיי ווילן זיין צוזאַמען און פאַרט — יעדערער צים אין זיין זייט. איך פרעג זיך — איז דאָס אַ אינגל אַ יונגער, גאָר אַ יונגער ? ער קען מיך טאַקע האַלטן פאַר אַ פאַרשטאָפּטן נאַר.

וואָס, איך זע נישט, אַז ער איז יונג ? אָבער איך דערמאָן זיך, ווען טעאַ האָט מיר דערציילט וועגן אים, וועגן זיין שטוב און זיין אַרבעט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן : צי האָט ער נישט אַ הויקער אויפן רוקן ? ער זיצט דאָך אַ גאַנצן טאָג אַן איינ־געבויגענער אויף זיין אויוון. זי האָט נאָך געזאָגט, אַז זיינע בילדער זיינען — זייער ערנסטע.

איז ווי קען ער זיין יונג ?

טעאַ האָט גערעדט פון אים מיט גרוים התפּעלות און אַלץ געטענהט : זי מוז אים ראַטעווען, זי דאַרף אים העלפן.

אַ יאָ, זי קען טאַקע וואָס טאָן. זי וויל העלפן אַלע אונדזערע באַקאַנטע מאָלערס. אַמאָל האָט זי מיר אַפילו אַ זאָג געטאָן :

— דו ווייסט, מיר דאַרפן העלפן אונדזערע חברים. דו ווייסט

גאַרנישט, ווי שווער זיי קומט אָן צו אַרבעטן. זייערע היימישע זיינען דאָך אַלע קעגן זיי. וואו קענען זיי געפינען אַ מאָדעל? עס קאָסט דאָך אַפּולע געלט. אָבער דו ווייסט, מיר קענען זיי העלפן, מיר וועלן פּאָזירן פאַר זיי, פאַר זייערע שטודיעס, נאַקעטע שטודיעס! — האָט זי שנעל געענדיקט.

דער אָטעם האָט מיר פאַרפּעלט, ווי מען זאָל מיר איבער־רייסן מיין האַלדז.

משוגענע טעאַ! וואָס וועט זי נאָך אויסטראַכטן! אָבער איצט זע איך: זי דאַרף מיך מער נישט האָבן. צו וואָס דאַרף זי האָבן אַזאַ נאַרישע חברטע, וואָס האָט מורא אַפילו פאַר אַ וואָרט?

איך לויף גיכער אַהיים, אַבי מען זאָל נישט זען מיין פּנים. מען זאָל נישט דערוויסן זיך וועגן וואָס איך האָב ערשט גע־טראַכט.

צו וואָס האָב איך געדאַרפט קומען דעם אָוונט צו טעאָן? איך וואָלט דאָך געקענט קומען מאָרגן אין דער פרי. וואָלט דאָס אינגל נישט געווען ביי איר. פרימאָרגנס איז דאָך איר טאַטע אין דער היים און אויך די קראַנקע וואָס ער נעמט אויף. וואָלט שוין דאָס אינגל נישט קענען ליגן ביי אים אין קאַבינעט. און בייטאָג דאַרף ער דאָך מאָלן.

געגוג זיך ברעכן דעם קאָפּ! אָט איז שוין, גאָט צו דאַנקען, דער בריק. אַ האַלבער וועג פאַרביי. דאָ אויפן בריק וועל איך זיך אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלן.

דער טייך — גרויס, אָנגעפילט מיט וואַסער פון ברעג ביז ברעג — בלאָזט מיט קעלט. מיין קאָפּ קילט זיך אָפּ.

דער הימל אַליין האָט זיך פאַרקוקט אינעם טייך און זיך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. זיך צעשוואומען מיט די וואָלקנס.

פון דער ווייטנס שווימט אַ שיפל. פליסט עס אין הימל צי אין טייך? איך וואָלט זיך אַליין אויסציען אויף די קאַלטע

כוואַליעס, פאַרכאַפּן מיט די הענט אַ שטיקל אָפּשיין פון אַ וואָלקן. איך כאַפּ זיך אָן אָן דעם פאַרענטש פון בריק. מיר האָט זיך אַ דוכט געטאָן, אַז דורך זיינע אויסגעפלאַכטענע לעכער איז פאַרלאָפן אַ שאָטן. האָבן זיך די וואָלקנס ווייטער אויפגעהויבן פון וואַסער צוריק אויפן הימל און אויפן וועג אַ שטופּ געטאָן דעם אייזערנעם פאַרענטש?

ווער שטופּט מיר אין די פּיס? וואָס איז דאָס? „מאַרקיז", טעאַס הונט, לעקט מיך מיט זיין וואַרעמער צונג. איך קער זיך אום. איך האָב כמעט אַ געשריי געטאָן.

טעאַ און דאָס אינגל שטייען הינטער מיר. פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען? ערשט האָב איך דאָך זיי איבערגעלאָזן. שטייען זיי שוין לאַנג הינטער מיר? האָבן זיי מיך געזען פון הינטן די גאַנצע צייט? געקוקט אויף מיין רוקן און געלייענט אין אים ווי אין מיין האַרצן?

אוודאי האָבן זיי פאַרשטאַנען וועגן וואָס איך האָב גע-טראַכט. אַזוי איז שוין מיר באַשערט! דערפאַר טאַקע האַלט דאָס אינגל אין איין לאַכן. מיר אַליין ווילט זיך גאָר וויינען.

וואָס האָבן זיי זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? נאָר אַ ביסל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם אויפן בריק, און אָט זיינען זיי ווייטער דאָ. זיינע ציינער בלישטשען, ווי ער זאָל נישט צומאַכן זיין מויל פון דעמאָלט אָן.

וואָס? זיינע ליפּן זיינען אַזוי דין, אַז ער קען נישט איינ-האַלטן דאָס מויל מיט די ציין? לאַכט ער די גאַנצע צייט, צי נאָר פון מיר אַליין? אַפילו טעאַ שמייכלט. מיר איז דערעסן. אויב זיי איז אַזוי גוט אויפן האַרצן, זאָלן זיי לאַכן.

נו יאָ, זיי האָבן מיך נאָך אַ מאָל אויסגענאַרט. קען טעאַ נישט געפינען קיין אַנדערע נאַרישע מיידלעך? און אַזוי האָט זי מיך ליב, מער פאַר אַלעמען, ווי זי פלעגט מיר אָפט זאָגן?

און וואָס ווילן זיי פון מיר? איך האָב דאָך זיי געלאָזן צו רו.

זיי זיינען דאָך געבליבן אַליין. דאָ אויפן בריק האָב איך אַ רעכט צו פאַרבלייבן, וויפיל איך וויל.

זיי האָבן מיך דאָך אַפּילו נישט באַגלייט, ווען איך בין אַוועק. מיר האָט עס אַזוי פאַרדראָסן! איך קען גאָרנישט אויפהויבן די אויגן אויף זיי. איך שעם זיך אַ קוק טאָן דעם אינגל אין פּנים. זיינע אויגן זיינען איצט גרוי, גרין, ווי דער הימל, ווי דאָס וואַסער אַרום. איך ווייס נישט צי איך שווים אין טייך, צי אין זיינע אויגן.

טעאַ און ער שטייען ביי מיינע זייטן. זיי האַלטן מיך צו ווי מיט צוואַנגען. איך ריר זיך נישט פון אָרט. איך פיל זיך פאַרלאָרן. מיט אַמאָל דוכט זיך מיר: טעאַס רוקן האָט זיך טרויעריק איינגעבויגן, אַ קרומער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע דינע, נאַסע ליפּן. איך האָב אויף איר רחמנות. איך וויל זי אַרומנעמען.

— קומט, מיר וועלן גיין צוזאַמען שפּאַצירן! — שפּרינגט אונטער מיט אַ וואָרט דאָס אינגל.

אַ מאָדנע זאַך! יעדעס מאָל, ווען ער רעדט, איבעראַשט ער מיך. ווען ער זאָגט וואָס, איז ווי דאָס וואָרט זאָל קומען פון אַן אַנדער וועלט.

— זעט, גיט גיכער אַ קוק! איר זעט, דאָרטן אין ווינקל הויבט זיך אויף אַ לייכטער וואָלקן. זעט וואָס פאַר אַ פאַרב, אַ פּערל־גרוי! אָט איז ער געוואָרן שוואַרץ־גרוי ווי שטאָל. זעט ווי ער דרייט זיך! — דרייט זיך אַליין דאָס אינגל, ווי ער זאָל וועלן דעריאָגן דעם וואָלקן. איך קער זיך אום מיט אים אין איינעם. איך הער: אַ נייע קול פאַר מיר, ווי ער זאָל ערשט אָפּ־קלינגען פון אַ טיפן ברונעם.

איך גיב אַ קוק מיט אים צוזאַמען אויף דעם וואָלקן. ער הויבט זיך טאַקע אויף. ער בלאָזט זיך אָן ווי אַ פּערינע. אָט קומט ער אַלץ נעענטער און נעענטער. אָט בלאָזט ער שוין אונדז אין פּנים, ווי ער זאָל וועלן אונדז אַ שטורעם טאָן. טעאַס טונקל קלייד איז ווי צעגאַנגען. ערשט איז זי געווען פריילעך, לעבעדיק, איר

פנים פריש, צערויטלט. פאַרוואָס איז זי אומעטיק געוואָרן? האָט זי זיך דערשראָקן פאַרן וואָלקן? שוין-זשע האָט זי מיך מער נישט ליב? און וואָס בין איך שולדיק?

נישט איך האָב דאָך צעשוואַרצט דעם וואָלקן און נישט איך האָב געשלעפּט דעם אינגל פאַרן צונג. ווער האָט זיי געהייסן מיך דעריאָגן? האָט דאָס געוואָלט דאָס אינגל?

כ'ווייס וואָס מיר קען אַריין אין זינען! גלאַט אַזוי, זיי האָבן זיך געשפּילט — ווער קען גיכער לויפן. איז אַזוי לאַכנדיק האָבן זיי מיך דעריאָגט.

טעאַ אָטעמט שווער. אַ דינער, רויטער פאַרעם בלאָנדזשעט אין איר אויג.

— וואָס איז מיט דיר, טעאָנקע? איך האָב דאָך דיך אַזוי ליב. און נאָך מער ווי ליב. איך האָב אויף דיר רחמנות. איך וואָלט דיר אַלץ אַוועקגעגעבן, נאָר זיי פריילעך, ווי פריער, ווי אַלע מאָל. אָבער וואָס אַוועקגעבן? וואָס דאַרף איך דיר אַוועקגעבן? האָב איך בײַ דיר וואָס אָפּגענומען?

דו ווייסט דאָך — איך זאָג דיר אַלע מאָל דעם אמת. האָב איך דיר ווען געזאָגט אַ ליגן? ווייסטו נישט, אַז איך האָב מורא פאַר אַ ליגן, ווי פאַר אַ גרעסטער עבירה?

גלויב מיר, מיר איז נאָך שווערער, ווען דו שווייגסט.

פון אַ ווינקל הימל קריכט שטיל אַרויס אַ בלאַסע לבנה, ווי אַ לאַמטערן, וואָס מען האָט פאַרגעסן אויסלעשן בייטאָג.

איך נעם זיך אָן מיט כח און זאָג אַרויס אַ וואָרט:

— איך מוז גיין אַהיים. די מאַמע וואַרט אויף מיר!...

— ווען מיר אייך באַגלייטן! — דרייט זיך צו מיר אויס דאָס אינגל, ווי ער זאָל זיך אויפוועקן פון מיין קול.

— אָ, ניין, ניין! איך וועל לויפן! עס איז שפּעט. די מאַמע וואַרט אויף מיר. —

איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן אַנדערש. איך אַנטלויף. אפילו נישט געזאָגט אַ גוטע נאַכט. נאָר זיי זאָלן מיך נישט פאַרהאַלטן.

אַלץ איינס! זאָלן זיי טראַכטן, וואָס זיי ווילן. און ווען זיי איז דאָס צום האַרצן, זאָלן זיי ווייטער לאַכן.

אפשר וועט זיך טעאַ אויך צעלאַכן און אַזוי וועט איר ווערן גרינגער.

איך הער זיך צו פון דער ווייטנס: אַוודאי האָבן זיי שוין אויסגעשפּריצט אין אַ געלעכטער. זיינען זיי געבליבן שטיין אויפן בריק? זיינען זיי אַוועק אַהיים? האָט טעאַ אים אפשר פאַרשלעפּט צו זיך?

וואָס גיכער דערלויפן צו מיין היים; באַהאַלטן זיך הינטער די ביכלעך. מיט זיי וועל איך אַלץ פאַרגעסן. וואָס אַלץ? וואָס האָב איך צו פאַרגעסן? אַזאַ מזל האָב איך שוין. וויניק אינגלעך האָבן געלאַכט הינטער מיין רוקן?

— וואָס לויפט איר אַזוי, באַרישניע? האָט נישט קיין מורא. מיר וועלן אייך נישט אַ בים טאָן! —

וואָס רייצן זיי מיך? זיי ווייסן גאָרנישט, ווי זיי הרגענען מיך מיט דעם אַוועק.

פון שאַנד, קלעפּט זיך צו מיין צונג צום מויל. איך באָד זיך אין מיין אייגענעם שווייס.

ווי אַ דורשטיקער צום ברונעם — פאַל איך צו צו מיין אונטערפענצטער און פאַרשטעק זיך אין די ביכלעך. איך דעק זיך מיט זיי צו ווי מיט אַ קאָלדרע.

פון פענצטער גיט אַ ציִ אַ ווינטל. ס׳גיט אַ בלאָז די גאַס, דער טייך פון ווייטן.

ס׳דוכט זיך מיר: מיינע טריט זיינען נאָך אויפן בריק. מיינע הענט האַלטן נישט דאָס ביכל, נאָר דעם קאַלטן אייזערנעם פאַרענטש. מיין קאָפּ פאַרדרייט זיך ... קלעפּט זיך אָפּ פון פענצטער און שוועבט צוריק צום וואָלקן, צו זיין וואָלקן ...

איך ווער אַנטשלאָפן אין אַ לאַנגן שלאָף ... איך הויב אָן לעבן מיט נאָך אַ לעבן ...

7-7-1942—פּורים, 1943.

# אויפֿן בריק

אונדזער בריק איז פֿאַר אונדז אַ גן־עדן.

פֿון די נידעריקע באַלקנס אין די ענגע דירות אַנטלויפֿט מען אויפֿן בריק — כאַפּן אַ קוק אויפֿן הימל.

אַפֿילו אין די קלענסטע געסלעך איז דער הימל פֿאַרשטעלט. קלויסטערס, דעכער קריכן אין דער הויך. און דאָ אונטערן בריק האָט זיך אונטערגעלייגט דער טייך. שווענקט זיך די לופֿט צווישן הימל און וואַסער.

דאָס ווינטל פֿאַרטראָגט אַ גערוך פֿון אַ בלום. אַנטקעגן אויף דעם הויכן ברעג וואַקסט דער גרויסער שטאָט־גאָרטן. ביי־טאָג איז דער בריק פֿול מיט מענטשן. מען גייט אַריבער פֿון איין טייל שטאָט אינעם אַנדערן. די גאַסן גייט מען דורך פֿאַמעלעך. אויפֿן בריק לויפֿט מען אונטער. דאָס וואַסער, די לופֿט טראָגט אים. פֿון אונטן די הילצערנע בערווענעס שפּירט אַ קילקייט. עס ווילט זיך גאָר נישט אַראָפּגיין אויף דער ערד — אויף די אויסגעברוקירטע גאַסן.

פֿאַרנאַכט קלייבט זיך צונויף די לופֿט אין אַ לייכטן אַש־גרויען שלייער. די נעזער פֿון בריק פֿאַרלירן זיך אין וואַסער. ציט זיך דעמאָלט אויס דער ווייסער הילצערנער בריק. דער טייך טונקט זיך — גייט אַריבער פֿון בלוי אין שטאָל. טיפֿע פֿאַלדן לייגן זיך אויף אים אויס ווי בייטן פֿון אַן אויסגעאַקערטן פֿעלד. דאָס וואַסער לויפֿט און מורמלט. אַמאָל יאָגט זיך אַ כוואַליע — צעברומט זיך דער טייך. איך מיין, אַן עולם מענטשן לויפֿט מיר

נאָך פון הינטן. אָבער איך זע קיינעם נישט. איך הער נישט קיין טריט. מיט אַמאָל — אַ היטל הויבט זיך אויף איבער מיין קאָפּ.

— גוטן אָוונט! האָט נישט קיין מורא, דאָס בין איך! — אַ האַנט באַגריסט מיך.

ווייטער דער אינגל! ווי האָט ער מיך דערזען? און איך בין גאָר אַליין . . .

איך וויל אַ שריי טאָן. וועמען רופן? אַפּגענומען דאָס לשון. אַ ציטער אין די פיס. ווי דער בריק זאָל זיך אָנהויבן צו שאָקלען. פון וואַנען האָט זיך גענומען דער אינגל? אים זיצט זיך גאָר־נישט אויף איין אָרט. און ער וועט מיינען, איך בין אַרויס אים זוכן.

ווי אַ שולדיקע שטיי איך שווייגנדיק לעבן אים.

פאַרוואָס קען איך נישט מער שפּאַצירן רואיק אַליין אויפן בריק? נישט אַנדערש, דער אינגל יאָגט זיך נאָך מיר. אומעטום זוכט ער מיך.

— וואָס האָט איר זיך דערשראָקן? איר שפּאַצירט? איך אויך. קומט, מיר וועלן גיין צוזאַמען! —

ער רעדט, ווי ער וואָלט מיך טרעפן יעדן טאָג. ער צווייפלט נישט. זיין קול איז רואיק, זיכער. זיין האַנט — וואַרעם, ווייך, ווי אַן אייגענער געוואָרן. דאַכט זיך, ער לאָזט נישט מער פון מיר... איך קוק אים אָן. רעדלעך־הערעלעך קריכן אים אַרויס פון אונטער זיין היטל. זיי וויגן זיך, בלאָזן זיך, ווילן ווי אַנטלויפן מיטן ווינטל. זיינע אויגן קוקן גלייך אין מיינע. איך לאָז מיינע אויגן אַראָפּ.

— קומט, מיר וועלן אַראָפּגיין פון בריק צום ברעג טייך. מיר וועלן דאָרטן שפּאַצירן. דאָרטן איז שיין. האָט נישט קיין מורא. איך קען דעם ברעג — איך וואוין דאָרטן! —

איך גיב אַ וואָרף אַ בליק אויף דעם פינצטערן ברעג. ער

וואוינט דאָרט. אין דער פינצטער זוך איך אַ פּיערל, אַ לעבעדיק הויז. ער וואוינט דאָרטן...

מיר פאַרווילט זיך גאָר אַהיים. אָבער מיינע פיס זיינען ווי פאַרקריפּלטע. דער אינגל פירט. איך גיי מיט אים. ער איז גאָר נישט אַזאַ צעדרייטער, ווי איך האָב געמיינט. ער גייט לעבן מיר — אַ שטאַרקער פויער, ווי ער זאָל זיך אַנזופן מיטן שטאָל פון טייך.

אַראָפּ דעם בריק, זיינע הויכע טרעפּ. אַרונטערגעפאַלן ווי אין אַ גרוב. דער בריק בלייבט הענגען אין דער הויך. דער טייך בלישטשעט ווי אַ שלאַנג. גאָר נאָענט שטייען קורצע הייזלעך, שטייען ווי פאַרשלאָפענע.

— וואוינט ער דאָ? איז דאָס זיין היים? נישט ער, נישט זיינע שוועסטער דאַרפן גאָר נישט גיין שפּאַצירן אויפן בריק. דער טייך קומט צו זיי, צו זייער שוועל. און אפשר דערפאַר, וואָס דער אינגל וואוינט דאָ — שטייט ער נישט פעסט אויף זיינע פיס. ער שווימט, ער פליסט מיטן טייך צוזאַמען.

— קומט, מיר וועלן זיך אַוועקזעצן! דאָ ניט ווייט, איך ווייס, ליגן בערוועגעס! —

דאָ אויפן ברעג איז ער ווי ביי זיך אין דער היים. ער קען יעדן קלאָץ. ער זעט אַפילו אין דער פינצטער. מיר שטופן זיך אָן אויף לאַנגע קיילעכדיקע בערוועגעס, אַנגעוואָרפענע איינע אויף די אַנדערע. ווי מען זעצט זיך אויף זיי אַוועק — קייקלט מען זיך מיט זיי צוזאַמען.

— איר מיינט, מיר וועלן אַריינפאַלן אין טייך?

פאַר דעם אינגל איז דער טייך גאָר אַ בלאָטע. ער האָט פאַר אים גאָר נישט מורא. דאָס וואַסער רוישט. איך רעד נישט אויס קיין וואָרט. דאָס וואַסער רעדט פאַר מיר. מיר ווילט זיך זאָגן:

— איך האָב גאָר נישט מורא פאַרן פינצטערן טייך. איך האָב אַליין ליב גיין שפּאַצירן אין דער פינצטער.

וויפיל מאָל קלאַפּ איך אָן שפּעט אין דער נאַכט צו אַ חברטע אין פענצטער. קוק אַריין דורך די שפּאַלטן פון די פאַרמאַכטע לאָדנס. די חברטע ווייס, אַז דאָס בין איך. ווער — אַן אַנדערער וועט קלאַפּן צו איר אַזוי שפּעט? זי קלייבט זיך שוין גיין שלאָפן. זי איז אין איין העמד. די לאַנגע האָר פאַנאַנדערגעלאָזן. מיר רעדן זיך אַביסל דורך און זי באַרשט און באַרשט די האָר.

און איך האָב נישט מורא אַרויסגיין צוריק אויף די פינצטערע גאַסן. איך גיי אַליין אַהיים...

אַהיים?

וואָס טוט זיך איצט ביי אונדז אין שטוב? איך בין שוין לאַנג פון דאָרט אַוועק. די קראָם איז שוין פאַרשלאָסן. די ברידער, די עלטערן זיצן און עסן וועטשערע.

— און וואו איז בעלאַ? — גיט די מאַמע אַ קוק אַרום זיך.

די מאַמע נעמט אַ ביסן אין מויל און גיט אַ טראַכט... קען זי זיך פאָרשטעלן, אַז איך זיץ דאָ אויף בערווענעס ביים פינצטערן ברעג טייך און זיץ נישט מיט מיינע חברטעס? אַ פרעמדער אינגל זיצט לעבן מיר... — ביי דער מאַמען קען זיך אָפּשטעלן דער ביסן אין האַלדז, זי שאָקלט מיטן קאָפּ... איך זע, אירע אויגן גיסן זיך אָן. זי זידלט מיך, זי גיט מיר אַ פּאַטש אין צורה . . .

אַ כוואַליע וואַסער איז צוגעלאָפן צו אונדזערע פיס. איך גיב זיך אַ גליטש אויף דעם קיילעכדיקן קלאָץ. איך בין שיעור ניט אַנידערגעפאַלן.

— וואָס איז מיט אייך? פאַרוואָס רעדט איר נישט? איז דאָס אמת, וואָס מען רופט אייך: „די קעניגין פון שווייגן"?

און איך האָב געמיינט, איך האָב אים אָנגערעדט אַ וועלט מיט זאַכן.

# פרילינג

אוים ווינטער. אוים שניי און קעלט. א הימל — ריין פון כמאַרעס. אַ גריגג, קיל ווינטל לויפט פאַרביי, זאָגט אָן, ווי אַ בלאָז פון אַ שופר:

— שששש... עס גייט דער פרילינג!

אַלץ כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, טוט זיך אַ צי אין דער הויך, אין דער ברייט. עס הערט זיך וואו אַ קנאַל, וואו אַ ריס, ווער ס׳שטעלט זיך גלייך אויף די פיס, ווער ס׳צעלויפט זיך, ווער ס׳פליט אַוועק.

אַ יום-טוב! ס׳ווערט פריילעך, ליכטיק, וואַרעם. די לופט — אַ נייע. די זון — אַ הויכע, אַ יונגע. אונטער אירע וואַרעמע שטראַלן גייט אַלץ אויף.

דאָס אַלטע איז אָפּגעשטאָרבן, האָט זיך צעפוילט אונטער דעם לאַנגן שניי. אַלץ ווערט נאָך אַמאָל געבוירן.

יעדן טאָג וואַקסט וואָס נייעס אויס. דער טאָג אַליין ווערט לאַנג און גרויס. די לופט בלאָזט ביזן הימל אַריין. זי טראָגט אַריבער פון איין אָרט אויפן אַנדערן — דאָ אַ ריח, דאָ אַ זשום, דאָ אַ פליטעטער, יעדן שאָרך פון אַ בוים.

ניטאָ קיין גראָז נאָך. די הוילע ערד ציטערט אויף ביז איר לעצטן קייקל זאַמד. עס שיילט זיך שוין איר האַרטע הויט. גיט אַ שיין די זון — גיט זיך די ערד צו איר אַ צי, לייגט זיך אויף איר אוים אַ בלויער טוי.

ביי טאָג צעגייט זיך די ערד אונטער דער זון. ס׳הייבט זיך

פון איר אַרויס אַ וואַרעמער אָטעם, וואָס זי האָט טיף איינ־געהאַלטן דעם גאַנצן ווינטער.

ס׳דוכט זיך, די ערד הויבט זיך, קערט זיך איבער, זוכט זיך צו נערן, קלעפּט זיך צו די פּיס.

אַ פרייד! אָנשטאָט שניי אונטער די פיס — ווידער די אייגענע, אַלטע ערד.

ס׳דוכט זיך, די גאַנצע וועלט האָט אויף איר רחמנות. דער הימל עפנט זיך פאַנאַנדער און נעמט זי ברייט אַרום פון אַלע זייטן. די זון בענטשט זי, ווי מיט מיליאָנען ברענענדיקע ליכט.

דאָס ליכט באַקט זיך אין דער ערד אַריין, קריכט איר אין יעדן גריבל אַריין, טריקנט זי און וואַרעמט זי.

און אָט שפּראָצט שוין אַרוים אַ גרין גרעזל, אַ קעפּל פון אַ בלום. דאָ פאַרהיילט די זון די אויסגעטריקנטע צווייגן, באַ־דעקט די ביימער מיט אַ נייער, פרישער הויט, מיט גרינע צאַפּלדיקע בלעטלעך.

פויגלען פליען אָן, פּאַטשן מיט די פליגל, צוויטשען. עס זשומען בינען, פליגן.

אַלץ קומט צוריק. און זי, די ערד, די גליקלעכע, די ליכטיקע, די וואַרעמע, צעפלאַנצט זיך, זופּט זיך אָן מיט זון און כוח, ווי עס פילט זיך אָן מיט פרייד אַן אַלטע שטוב, ווען אַלע אירע קינדער, אויסגעוואַקסענע און בליענדיקע, קומען צוריק צו איר אַהיים.

דער טייך צעשווימט זיך פון נחת. בערג מיט אייז צע־שמעלצן זיך אין אים. עס קאָכט דאָרטן ווי אין אַ מיל. ס׳לויפן אין אים אָן אַזויפיל וואַסערן, אַז ביידע ברעגן קאָנען זיי קוים איינהאַלטן אין זייערע אָרעמס, ווי דער ווינטער וואָלט פאַר זיין אַוועקגיין אויסגיסן זיין גאַנצן כעס אויף דעם טייך.

שטראָמען וואַסער יאָגן זיך נאָך דעם אייז, שטופּן אים און טרייבן. דער טייך וואַיעט, רוישט, ווי ווינטן וואָלטן זיך אין אים דערטרונקען און איבערגעקערט זיין גרונט. דער הימל אַליין,

ווי טיף ער זאָל זיך נישט אויסשווענקען אינעם טייך, קאָן ער נישט אַנטאַפּן דעם גרונט.

אין מיטן העלן טאָג בלאָזט זיך אָן דער הימל און צע־קוועטשט אַ שוואַרצן וואָלקן, וואָס איז אָנגעלאָפן אויף אים. אַ טראַסק מיט אַ דונער, אַ שטאָך מיט אַ בליץ — און דער צעלעכערטער וואָלקן, אַ פאַרוואונדעטער, גיסט זיך אויס אין אַ מבול וואַסער.

דער רעגן פאַלט אַרונטער מיט אַזאַ געריויש, אַז ס׳דוכט זיך, נישט איין וואָלקן — דער גאַנצער הימל ליידיקט זיך אויס פון וואַסער.

די גאַס צעשווימט זיך. וואַסער לויפט פון די בערגלעך אַראָפּ, שטופּט זיך אַריין אין די גריבער, אין די קאַנאַוועס, יאָגט אונטער די שטיינער, וואָס עס שלעפּט און רייסט מיט אויפן וועג. און די שטיינדלעך לויפן נאָכן וואַסער, קייקלען זיך מיט אַ ליאַרעם ווייטער.

דער רעגן שפּרינגט איבער די דעכער, גליטשט זיך פון זיי אַראָפּ, רינט פון די רינעס.

די גאַס ווערט פּוסט. די פורמאַנעס קריכן פון זייערע וועגענער אַראָפּ, דעקן גיך איבער די פערד מיט זעק, און אַליין אַנטלויפן זיי באַהאַלטן זיך הינטער די טויערן...

נאָר די פערד בלייבן שטיין אונטערן רעגן מיט נאַסע אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך שעמען, וואָס זיי זיינען איבער־געבליבן אַליין.

דער רעגן שמייסט זיי, נעצט זיי דורך. זיי רוקן זיך צו נעענטער איינס צו דעם אַנדערן.

אַ הונט לויפט פּלוצים אַרויס אויף דער גאַס אויסשמעקן דעם רעגן. די פערד דערפרייען זיך. זיי זיינען נישט מער אַליין. דער עולם פון הינטער די טויערן לאַכט און רופט דעם הונט; מען פייפט צו אים פון אַלע זייטן.

— הונט דו איינער, משוגענער, גיי גיך צוריק אין שטוב אריין! וואָס לויפסטו אַרום אין אַ רעגן איבער די גאַסן?

דער הונט טרייסלט זיך פון קעלט, זיין פעל גלאַנצט; די פיס גליטשן זיך אים; זיין עק, ווי אַן אויסגעווייקטער פאָדעם באַוול, ציט זיך הינטער אים — אָבער ער בלייבט, אַלעמען אויף צו־להכעיס, אויפן גאַס.

מיר, קינדער, זיינען אים מקנא. ס'איז אַזוי פריילעך אונטערצושפרינגען מיט דעם רעגן אינאיינעם.

אַלע שטייען און וואַרטן, ווען וועט דער רעגן אויפהערן.

— וואָס זאָגט איר אויף דעם רעגן? ס'האָט זיך עפּעס צעגאָסן, יאָ?

— נאָך אַ פּאָר אַזעלכע רעגנס, וועט זיין פאַרשפּאַרט אַ טרחה גיין אָנקוקן דעם טייך. מיר וועלן האָבן אַ טייך אין מיטן גאַס!

— וואָס טוט זיך עפּעס מיט דער דווינע? איר האָט נישט געהערט, וואו האַלט היינט דאָס וואַסער?

— איר רעדט וועגן דער דווינע? — אַ פּאָר פינגער גיבן אַ קנאַק אין דער הויך. — אַ ים געוואָרן!

— טאַקע? ס'גייען שוין אויף אים אַרום פּליטן?

— וואָס פרעגט איר פּאַר אַ קשיה? איר שלאָפט אוודאי אין מיטן טאָג? איר האָט נישט געזען, ווי מען פירט דאָרטן אַריבער גאַנצענע וועלדער מיט בערוועגעם?

— זלאַטקע, — גיב איך אַ שטופּ מיין חברטע, — דו הערסט? עס שווימען שוין אויפן טייך גאַנצענע וועלדער. קום אַ קוק טאָן! אַבראַשקע איז שוין אַהין אַנטלאָפן. זעסט, אַלע גייען!

דער רעגן האָט אויפגעהערט. די לופט האָט זיך אָפּגעפרישט. ס'האָבן זיך אויסגעוואַשן אַפילו די קויטיקע קאַנאַוועס, דער הימל האָט זיך אויסגעפּוצט מיט אַ קראַנץ פון אַ רעגנבויגן אויפן קאָפּ.

דער עולם האָט זיך ווייטער צעשאָטן איבער די גאַסן.

מיט אַלעמען אינאיינעם, לויפן מיר אַ קוק טאָן אויפן טייך. אויף דעם גרויסן בריק שטעלן מיר זיך אָפּ.

אַ געריוש פון אויבן, פון אונטן, פונעם עולם, פונעם וואַסער. דער טייך ליגט פאַנאַדערגעוואָרפן, ווי אַ גיבור, וואָס מען וויל איינשפּאַנען אין קייטן.

ער קרעכצט, ברומט, וואַרפט זיך דאָ אויף איין זייט, דאָ אויף דער אַנדערער, ווי ער וואָלט וועלן זיך צעגיסן איבער דער גאַנצער שטאָט. כוואַליעס געלע, גרויע, שוואַרצע, לויפן אָן אויף די שטיינערנע נעז פונעם בריק, לויפן אָפּ, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרמעסטן מיט זיי. מיט אַמאָל, גיבן זיי זיך אַלע אַ לאָז אויף דעם נידעריקן ברעג, פאַרגיסן פון כעס די קליינע הייזלעך. אַ באַרג מיט זאַמד שטופּט זיך אָפּ מיט די וואַסערן אינאיינעם, פאַרשווינדט צוריק אין טייך אַריין.

פון אויבן קוקן מיר מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. וואוהין זיך נישט אַ קער טאָן — וואַסער, וואַסער...

אונטערן בריק קאָכט און זידט. איבערן קאָפּ — אַ הימל, ווי וואַסער. דער קאָפּ אַליין שווימט אַוועק.

דער עולם אויפן בריק שטופּט זיך. מיך מיט מיין חברטע האָט מען אָפּגערוקט צום סאַמע פאַרענטש. זיין אויסגעפלאַכטע־נער אייזן איז נאַס. דורך זיינע לעכער שפּריצן טראָפּנס אונדז אויף די פּנימער אַרויף.

אָט האָט דער קלויסטער פונעם הויכן ברעג זיך איבער־געקוליעט אינעם וואַסער. זיין צלם ליגט שוין אויף אַ זייט און שווימט אַוועק אויפן רוקן פון אַ גרויסער כוואַליע.

נאָכן צלם יאָגן זיך די ביימער פון דעם שטאָט־גאָרטן. אַלע אינאיינעם, האָבן זיך אַריבערגעקליבן אינעם וואַסער און וואַקסן דאָרטן מיטן קאָפּ אַראָפּ, שאָקלען מיט די בלעטעלעך, ווי מיט גלעקעלעך.

איך דערקען אין וואַסער די בענקלעך פונעם גאָרטן. כ׳פּלעג דאָך אויף זיי זיצן.

אַט האָבן זיך אויך די ווייכע וואָלקנדלעך אַראָפּגעגליטשט אין וואַסער אַריין און זיך אָפּגעשטעלט פאַרפראָרענע, ווי גרויסע ווייסע בערן.

די גאַנצע שטאָט, דוכט זיך, האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און ווי אויף רעדער אַוועקגעפאָרן איבערן טייך מיט אירע הייזער, דעכער, פענצטער...

מיט אַמאָל גיט מען מיך אַ שטופּ.

אוי, מאַמע, מע וויל אונדז אַריינוואַרפן אין וואַסער!

— וואו איז אַבראַשקע? וואו ביסטו, זלאַטקע? — איך פּיל, מען האָט זיך אָנגעלייגט אויף מיין רוקן.

דער עולם האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אונדז, ווי אויף אַ פּאַרענטש.

— פּליטן, פּליטן! אַט גייען די פּליטן! — רייסט זיך אַרויס אַ געשריי. עס טרייסלט זיך פון קולות דער לאַנגער הילצערנער בריק.

פון דערווייטנס, ווי פון הימל, שווימען אַרויס אַ פּאָר לאַנגע פּליטן. קוים גליטשן זיי זיך. שטייען כמעט אויף איין אָרט. ס׳ווערט שטיל. אַלע קוקן זיך צו. מע לאָזט די פּליטן פון די אויגן נישט אַרויס.

צוויי הויכע פּויערים האַלטן זיך פון ביידע זייטן פונעם פּליט, אָנגעשפּאַרט אויף אַ לאַנגן פּלאָקן. זיי שטייען רואיק, רירן זיך נישט פון אָרט, ווי זיי וואָלטן שלאָפן, שווימענדיק אויף די פּיס.

פּאַמעלעך קומען זיי אָן. מע הערט שוין, עס פּליוכען זייערע רודערס. מע לאָזט זיי שטיל קומען צום בריק.

און ווי נאָר מע דערזעט זייערע צורות, פאַרוואַרפט מען די פּויערים מיט קולות, ווי מע וואָלט זיי נישט וועלן אַריינלאָזן אין שטאָט.

— הע, האַלט צו! וואוהין קריכסטו, צו אַלדי שוואַרצע

יאָר? דו וועסט זיך דאָך צעברעכן דעם מוח, ליימענער קאָפּ! נעם אַצינד לינקס, לינקס . . .

— וואָס פאַרשטייסטו נישט, וואָס מע זאָגט דיר? לינקס...

— וואָס לינקס? רעכטס, רעכטס! — שרייט אַלעמען איבער אַן אַנדער קול.

יעדער מיינט, ער קאָן בעסער פּראָווען פונעם פויער. דער עולם שטופּט זיך מיט די עלנבויגנס, ווי מע וואָלט מיט זיי אונטערשטופּן דעם פּליט.

די פויערים הויבן אויף די אויגן, ווייסן נישט וואוהין צו קוקן. זיי גיבן אַ שפּיי אין וואַסער, ווערן אין כעס.

— וואָס וויל דער עולם? — טראַכטן זיי. — געשוואומען רואיק טאָג און נאַכט. געקומען צו אַ שטאָט, פאַרדרייט מען זיי דעם מוח. געננוג, וואָס אין יעדער שטאָט שטעלט זיך אויס אַ מוראדיקע בריק מיט שטיינערנע נעז. גיי, שווים זיי דורך!...

ס'וואַסער קאָכט אַרום די נעז. אַפילו אַ כוואַליע וואַסער צעשניידט זיך דאָרטן אין צווייען. שטייט נאָך דער עולם אויפן בריק און וואַרט נאָר, ווען וועלן זיך צעברעכן די פּליטן. ווערן די פויערים צעמישטע. זיי זוכן זיך ראַטעווען.

— ווי וועלן מיר אַרויס פון דאַנען לעבעדיקע? — שאָקלען זיי מיט די קעפּ. — ווען אַפילו דורכגעשוואומען די בריק, וועט דאָך דער עולם סיי־ווי־סיי אָנפאַלן אויף אונדז.

דאָס וואַסער קאָכט מיט שוים. די שטיינערנע נעז סאָפּען און דראָען, ווי צעבייזערטע חיות.

אָט זיינען די פּליטן גאָר נאָענט.

גאָט מיינער, וואָס וועט זיין? איך האַלט זיך שטאַרק אָן פאַר דעם אייזערנעם פּאַרענטש. כ'בין צוגעקוועטשט צו אים. מיינע הענט קריכן שוין פון אים אַרויס. כ'מאַך צו די אויגן. האָב מורא שוין צו קוקן אויפן טייך.

— זלאַטקע, זאָג, דו ווייסט נישט, וואו איז אבראַשקע?

ער האָט פּאַר גאָרנישט מורא. זלאַטקע טרייסלט זיך נאָך מער פאַר מיר. פון שרעק קנייפּט זי מיר די הענט.

— טשעפּע זיך אָפּ! — שטופּ איך זי אַוועק.

און מיט אַמאָל —אַ טראַסק!

— אַך! — די אויגן עפענען זיך אויף.

וואו זיינען די פּליטן?

אַלץ זיך אויסגעמישט. דער טייך נאָך מער צערודערט. וואו עס שווימט אַ לאַנגע, וואו — אַ קורצע בערווענע.

דער פּליט — צעשפּאַלטן, צעוואָרפן, ווי אַ פּעקל שוועבע־לעך. אַלע בערווענעס טונקען און דרייען זיך אַרום די שוימענ־דיקע כוואַליעס. יעדע בערווענע באַזונדער.

אויף איין קלאָץ האַלט זיך איין פּויער, אויף דעם אַנדערן — דער צווייטער. זיי שפּרינגען אונטער אויפן וואַסער.

פון דעם גאַנצן פּליט — נאָר איין קלאָץ. דער רודער איז געבליבן אין זייערע הענט.

— האָ! האָ! האָ! — פּלאַצט פון געלעכטער דער עולם אויפן בריק. ער האָט הנאה. די פּליטן האָבן זיך צעבראָכן.

אויף די פּויערים האָט קיינער נישט רחמנות. פון בזיון און פון כעס שלאָגן זיי זיך מיט די רודערס, פאַרוואָרפן זיי, ווי אַ לאַנגן פיש־פאַנגער און סטאַרען זיך אַנטשעפּן אַ בערווענע. די כוואַליעס לויפן אויף זיי אָן, די בערווענעס שווימען אָפּ.

פון די ברעגן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן שיפלעך העלפן זיי צונויפקלייבן דאָס געהילץ.

אַ יאַריד אויפן טייך. די שיפלעך פליעסקען. די פּויערים זידלען זיך.

— אַ כאָלעריע אויף דיין קאָפּ! הינטישע מאָרדע דיינע, וואוהין קריכסטו?

— און דו, שלים־מזל, לאָז אָפּ דיין רודער, אַניט צעקלאַפּ איך דיר דעם מוח!

— אדרבה, הויקער דו איינער! וואָס דרייסטו זיך אַרום ווי אַ וואָרעם?

— און ווער דאַרף דיך דאָ האָבן? קאָנסטו גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

— און דיך זאָל דער טייוול כאַפּן!...

די שיפלעך שטויסן זיך. זייערע רודערס צעקרייצן זיך, שלאָגן איינס דעם אַנדערן. דער עולם אויפן בריק לויפט אַריבער פון איין זייט צום אַנדערן, ווי ער וואָלט וועלן פונעם בריק זיי העלפן צונויפקלייבן די פּליטן

די פּויערים קראַצן זיך די קעפּ. שפּייען אינעם וואַסער. ביז מע קלייבט די בערוועגעס צונויף.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ שלעפּ איך זיך אַהיים. עס ברעכן מיר די ביינער, ווי איך אַליין וואָלט זיך מיטן פּליט צעשפּאָלטן. פאַר די אויגן — אַלץ פּליטן. זיי לאָזן מיך נישט צורו.

ווען זשע פאָרן זיי רואיק דורך דעם בריק?

אַוודאי ביינאַכט... ווען אַלע מענטשן שלאָפן שוין, דאָס וואַסער דרעמלט און ווען אויפן בריק איז קיינער נישטאָ, גנבעט זיך שטיל דורך איין פּליט נאָך אַן אַנדערן און שווימט דורך אונטער די פאַרשלאָפענע נעז פון בריק.

# אַ גלעזל זעלצער

— ווילסט, וועלן מיר אַרויס אַביסל שפּאַצירן ! — בעט איך זיך ביי מיין ברודער.

— משוגענע ! ווער גייט עס שפּאַצירן פרייטיק נאָך דער וועטשערע, אַזוי שפּעט ?

— וואָס איז דיר די נפקא-מינה, קום, מיר וועלן אויסטרינקען אַ גלעזל זעלצער.

איך ווייס, אויף זעלצער איז מענדל אַלע מאָל אַ בעלן.

— אַ, זעלצער ? דאָס איז אַן אַנדער זאַך. עס ווילט זיך טאַקע טרינקען, קום ! —

בודרעוויטשעס זעלצער-געשעפט, וואָס ליגט לעבן וואָקזאַל, איז אָפן אַפילו פרייטיק שפּעט ביינאַכט. מיר גייען דורך די שטילע גאַסן. אַ גאַס אַרויף, אַ גאַס אַראָפּ. מיר גייען איבער קליינע בערגלעך ווי אויף טרעפּ. די נאַכט איז פריש. אַלץ שלאָפט. קראָמען, הייזער איינגעזונקען אין דער פינצטער. די לאַמטערנעס אויסגעלאָשן. ערגעץ-וואו איז געבליבן ברענען אַ קליין געל פייערל. עס צאַפּלט זיך אין דעם פאַררויכערטן גלאָז. עס פאַלט פון אים מער שאָטן, ווי ליכט.

אָט איז דער בריק. עס גיט אַ לויכט זיין ווייס האָלץ. די אויגן עפענען זיך אויף. איך גיב אַ שלונג אַ פרישן אָטעם. איבערן קאָפּ אַ פולער הימל מיט שטערן. פון אונטן — דער פאַנאַנדער-געגאָסענער טייך. זיינע וואַסערן האָבן זיך ווי אָפּגעשטעלט. וואַסער, הימל — אַלץ רוט. די האַלב-איינגעמאַטערטע לבנה

איז אויך פֿאַרקראָכן אין די וואָלקנס און זיך אויסגעלייגט ווי אויף אַ פֿערינע איבערצונעכטיקן די נאַכט. נאָר די שטערנדלעך רוען נישט. אַנגעלאָפֿענע פֿון אַלע עקן הימל — קערן זיי דאָרטן איבער די וועלט. ווי איבערגעלאָזענע קינדער שטיפֿן זיי, דרייען זיך אַרויף, בליצן, שפּילן זיך מיט זייערע אייגענע אָפּבליקן. שטעכן דורך איינס דעם אַנדערן, ווי מיט שפּיץ־שטיקלעך שפּיגל. ס'דוכט זיך: ווען זיי וואָלטן נישט מורא האָבן — וואָלטן זיי גאָר זיך אָפּגעריסן פֿון הימל און אַ שפּרונג געטאָן אויף דער ערד.

דערזעען די שטערנדלעך ווען אַרויפֿגיין אויפֿן בריק — גיבן זיי זיך אַ לאָז אַנטקעגן, רינגלען אים אַרום און אַלע מיט אַמאָל טוען זיך אַ וואָרף אויף אים. דער דורכגייער גייט ווי אַן אָפּשיין פֿון די שטערן.

מיר גייען פּאַמעלעך דורך דעם בריק. מורא אַ שאָקל טאָן דעם קאָפּ — נישט טרייסלען די שטערנדלעך. מורא צעטרעטן די רעדלעך ליכט, וואָס ציטערן אונטער די פֿיס. טראָט נאָך טראָט טרעטן די שטערנדלעך מיט אונדז. גייען מיר נאָר פֿון בריק אַראָפּ — לאָזן זיי אונדז איבער. מסתמא האָבן זיי מורא זיך פֿאַרבלאָנדזשען אין די ענגע גאַסן, איבער די שוואַרצע דעכער. קערן זיך די שטערנדלעך גיכער אום צום בריק, צום הויכן הימל.

נאָכן בריק פֿאַלן מיר אין אַ פֿינצטערניש אַריין. די גאַס אַליין איז דורכגעפֿאַלן. די קראָמען פֿאַרהאַקט, פֿאַרשלאָסן. מען זעט נישט זייערע שילדן. אָבער איך ווייס, דאָ איז אַ שניט־געשעפֿט, דאָ — אַ בוכהאַנדלונג און אַנטקעגן דאַרף זיין דער פֿאָטאָגראַף מיטן קעסטל אויסגעשטעלטע בילדער. וויפֿל מאָל זיי אויסגעקוקט — די ערשט־געבאָרענע עופֿעלעך. די אויס־געפּוצטע דאַמען טראָגן זייער פֿאַרטיקן שמייכל גאַנצענע טעג. איך זע קיינעם נישט. פּוסטע לעכער, נאָר אַ שטיקל גילדענע ראַם שטעקט אַרויס.

דאָ איז אַ שניט־געשעפֿט. הינטער די פֿאַרמאַכטע לאָדנס זיינען איינגעשלאָפֿן שטייענדיקערהייט, אַזוי ווי זיי זיינען געווען

אנגעטאָן, די אויסגעשטעלטע מאַנעקענען. דאָרטן איז אַ בוך־האַנדלונג, פול מיט ביכער אויף די ווענט. וויפיל מאָל בין איך אַהין אַריין, זיך נאָכגעפרעגט נאָך אַ געניצטן „זאַדאַטשניק", געקויפט אַ פּאָר שרייב־פּענעס, אַ בליישטיפט.

מיר טוען ווי די אויגן פון גאָרנישט זען. קומען מיר נעענטער צום וואָקזאַל — פאַלן צו די פיס לאַנגע סנאָפּעס ליכט. דאָס לייכט פון דערווייטן דאָס זעלצער־געשעפט. מענטשן, ווי פליגן, לויפן אויפן פּייערל. און מיט אַמאָל וואַקסט אויס פאַר די אויגן אַ ליכטיקע אָפענע קראָם. אַ רעדל מענטשן שטופּט זיך ביי דער אָפענער טיר. מען גייט אַריין, אַרויס. אַ הו־האַ אין מיטן נאַכט. זעלצער שיפעט. גלעזער אויסגעשטעלט ווי אויף אַ חתונה. אַרום די ווענט, אין עמערס פול מיט אייז, וואַקלען זיך גרויסע קופּערנע סיפאָנען. מיט זייערע אָנגעשטאָפּטע בייכלעך זוכן זיי צעשמעלצן דעם האַרטן אייז. דער קאַלטער קופּער שוויצט אַ באַגאָסענער מיט טראָפּנס. עפנט מען אָפּ זיין קראַן — גיט ער ווי אַ שנייץ מיט דער נאָז. זעלצער שפּרודלט ווי פון אַן אַרויסגעשפּרונגענעם קוואַל. ס'וואַסער פייפט אין גלאָז. טראָפּנס לויפן אַרויף, קלייבן זיך אָן אין אַ שוים, שפּרינגען אַריבער די גלאָז. זעלצער קיצלט די נאָזלעכער, בייסט אין האַלדז. פון הנאה לויפן אָן טרערן אין די אַראָפּגעלאָזענע אויגן פון מיין ברודער. ער טרינקט אין לאַנגע שלונגען. די באַקן בלאָזן זיך אָן. אָט, דוכט זיך, וועט דאָס זעלצער זיך אויספּייפן פון זיין מויל.

מיר איז דאָס זעלצער אַביסל זאַלציק. מיט אַ זיסן סיראָפּ וועט עס אַוודאי זיין געשמאַקער.

— וועלכן ווילסטו, געל צי רויט? — פרעגט מיך דער קרעמער.

— און וועלכער איז זיסער?

— כ'ווייס? דו וועסט פאַרזוכן ביידע, וועסטו שוין וויסן! פון באַלקן הענגען אַראָפּ, ווי גלעזערנע קאַלבאַסעס, צוויי

„באַלאַנען". אין איינעם פּליסט אַ געל, אין אַנדערן אַ רויט זאַפּטיקער „סאָק". גלייך ווערט מיין זעלצער רויט און פאַר־ברענט מיט אַ זיסקייט מיינע אברים. אַביסל פאַרשיכורטע גייען מיר פון קרעמל אַרויס. פּלוצים שטעלט אונדז אָפּ אַ געשריי:

— אַה, איר זייט דאָ? ווי קומט איר אַהער? אַזוי שפּעט שפּאַצירט איר? —

שיער ניט אָפּגעשטאָרבן פון שרעק, ווי עמעצער וואָלט מיר מיט עפּעס דערלאַנגט איבערן קאָפּ.

— ווער רעדט עס? וועמענס קול איז עס? איך האָב אים, דאַכט זיך, ערגעץ שוין געהערט . . .

אַ פּאָס ליכט פאַלט אַראָפּ אויף אַ לאַנג בלאַס פּנים. אַ פּאָר לאַנגע אויגן, אָן אָפּן מויל מיט ווייס בייסנדיקע ציינער. זיין גוף אין דער פינצטער שמוגלט דורך, ווי ער וואָלט מורא האָבן פאַר זיך אַליין.

— אָי, וויי איז מיר! דאָס איז דאָך ער — דער אינגל . . . מיין נייער באַקאַנטער. פון וואַנען איז ער אַרויסגעשפּרונגען? ער שרייט ווי אַ פויגל, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. איך גיב שנעל אַ קוק אויפן ברודער, ער קען דאָך ניט דעם אינגל. מיט אויגן אַרויסגעקראָכענע פון קאָפּ, האָט זיך דער ברודער אָנגעשטעלט אויף אים.

— וואָס איז דאָס? — שטאַמלט דער ברודער.

אַ טראָפּן זעלצער ווי אַ טרער איז איבערגעבליבן אויף זיין באָק. עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. וואָס וועט דער ברודער טראַכטן איצט פון מיר?

אַזאַ רציחה! אַ אינגל איז צו מיר צוגעגאַנגען, צו מיר מיט אַ קורצער באַגריסונג, ווי ער זאָל מיך קענען לאַנג. און וואו? אויפן עק שטאָט ביינאַכט. גאָט מיינער, וואָס וועט איצט זיין? גלאַט וועט עס נישט דורכגיין. ער שטייט לעבן מיר אַזוי רואיק, זיכער, ווי ער וואָלט האָבן רעכט טאָן מיט מיר, וואָס ער וויל. ווי אַ צוגעשפּאַנטע שטיי איך ביי זיין זייט. האָב איך אויף אים

געוואַרט? בין איך אים געגאַנגגען זוכן? עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן. ער וועט מיך אַראָפּפירן פון זינען. וואָס האָט אים געאַרט, אַז איך בין געווען רזאיק. שטיל ביי זיך אין דער היים. געזעסן פאַררוקט אין ווינקל פון מיין אונטער־פענצטער, גע־שלונגגען ביכלעך. פון מענטשן לעבעדיקע געלאָפן ווי פון שדים, אפילו נישט געטשעפּעט זיך מיט מיינע ברידער. איך בין געזעסן ווי הינטער אַ פאַרהאַנג... און אָט איז אַ אינגל מיט זיינע בייטשנ־דיקע ווערטער אַנגעפאַלן ווי אַ שטורעם און אָפּגעווישט מיט איין מאָל מיינע שטילע טעג. אַזאַ נאַכט! זאָל כאָטש גיכער קומען דער פרימאָרגן. דער ברודער קען אַלע מיינע חברטעם. פון יאָרן לאַנג זיינען זיי די זעלבע. מיינט ער, איך בין נישט ווי אַלע אַנדערע מיידלעך. איך גיי דאָך ניט שפּאַצירן אין די גאַסן, איך גיי אין קלאַס מיט מיינע חברטעם און ווען איך זע אַמאָל זייערע ברידער — שטעל איך זיך מיט זיי נישט אָפּ. און דאָ קומט אַ פרעמדער אינגל. אַ פרעמדער אין אַלץ — מיט זיין אויסזיכט, מיטן קוק, מיט זיין קליידונג, מיט זיין גאַנצן גוף. דער ברודער וויל זיך דערמאָנען, צי האָט ער אים ווען געטראָפן אין די גאַסן.

— פון וואַנען איז ער פאַרט געקומען? — הערט ער נישט אויף צו טראַכטן. — אפשר איז ער גאָר נישט פון וויטעבסק? וואו וואוינט ער? ווער זיינען זיינע עלטערן? —

עפּעס זאָגט מיר, אַז דער אינגל איז גאָר אַ באַזונדערער. זיינע האָר געקרייזלטע. איז ער אפשר, משטיינס געזאָגט, גאָר אַ מאַלער? — פאַלט מיט אַמאָל דעם ברודער איין. ער האָט טאַקע געזען אַרומגיין אין די גאַסן מיט קעסטלעך אַ פּאָר אַזעלכע יונגע מאַלערס.

דער ברודער גיט אַ קוק אויף מיר, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל מיך געזען. ווי קומט צו מיר אַ מאַלער? ער ווערט אפילו אין כעס — איך האָב אים אָפּגענאַרט. יעדער ברודער האָט זיך דאָך געהאַלטן דריי מאָל עלטער פאַר מיר. איך, די אינגסטע,

דאָס שטענדיק קליין מיידל, וואָס האָט פאַרגעסן צו וואַקסן, בין געווען פאַר זיי אַ צאַצקע, זיך געשפּילט מיט מיר, געשטיפּט. זיי זיינען מיך אַפילו מקנא: — אין גימנאַזיע גיי איך אַריבער יעדן יאָר דעם קלאַס מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. און זיי האָט דער רבי מיטן חדר צעשטערט זייער חלום אַריינצוטרעטן אין אַ גויאישער שול. בין איך דאָך אין זייערע אויגן אַ געראָטענע מיידל. און דאָ אין דער פינצטערער גאַס בין איך מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן, געוואָרן ווי אַלע אַנדערע מיידלעך, וואָס זיי טרעפן אין שטאָט. נאָך מער — מיין באַקאַנטער אינגל זעט אויס ווי אַ חיה פון וואַלד. בלישטשעט אין דער פינצטער מיט זיינע אויגן . . .

איך שטיי צווישן זיי ביידן ווי אַ שולדיקע. איך ווייס נישט וועמען פריער זאָגן אַ וואָרט. אַלע ווערטער האָבן זיך פאַרהאַלטן אין דעם פאַרטריקנטן מויל.

— זאָג כאָטש דו אויס אַ וואָרט, אָבער אַ מענטשלעך וואָרט, דער ברודער זאָל פאַר דיר נישט מורא האָבן! — בעט איך זיך שטומערהייט ביי דעם אינגל. איך פיל, דער ברודער גיט זיך אַ רוק פון מיר, ווי איך אַליין וואָלט געוואָרן פרעמד פאַר אים. דאַכט זיך, ער וויל מיך איבערלאָזן דאָ אַליין אין דער פינצטערער גאַס מיט דעם אינגל אין איינעם. דער ברודער וויל לויפן אַהיים דערציילן אַלעמען די נייעס.

— אַ קליינינקייט! בעלאַ האָט אַ באַקאַנטן אינגל! — די גאַנצע שטוב וועט אויפשטיין פון שלאָף. מען וועט אָנלויפן פון אַלע צימערן. אַפילו די דינסטן וועלן אַריינשטעקן זייערע נעז. און דער שומר, וואָס היט אונדז ביינאַכט ביי דער טיר, מוז דאָך אוודאי וויסן: צי איז דאָס אַ גנב, צי אַ באַלעבאַטיש קינד? וועט מען אָנהויבן דערציילן מעשיות. דעם סאַמע צימעס, אַז דער אינגל איז אַ קינסטלער, וועט דער ברודער באַהאַלטן צום סוף.

— נאָך אַ נייע צרה! נאָך אַ קינסטלער! עס קריכט גאָר נישט אין די פאַרשלאָפענע קעפּ אַריין. בעסער אָפּוואַרטן דעם

פרימאָרגן. ווען מען אויסזאָגן אויף דעם סוד דער מאַמען. איצט ביינאַכט וויל ער נישט פאַרשאַפן איר עגמת־נפש. זאָל זי זיך אויסשלאָפן געזונטערהייט. און מאָרגן אין דער פרי, סיי ווי סיי קומט דאָך דער טומל פון קראָם, וועט די מאַמע אין דעם „טאַראַ־ראַם“ גרינגער אַריבערטראָגן די נייַע צרה.

ווי וועל איך איר קענען אַ קוק טאָן אין די אויגן? וואָס זאָל איך איר זאָגן?

גיי דערצייל איר די גאַנצע מעשה? אַז דאָס איז גאָר אַ באַקאַנטער פון מיין חברטע טעאַ. ביי איר האָב איך אים גע־טראָפן. אַז איך האָב צו אים כמעט אַ וואָרט נישט געזאָגט, אַז נאָר ער האָט גערעדט. און וואָס? — אַזוי אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער. ער האָט נאָר געקוקט, אַז איך... אַז ער... ווער קען דאָס אַלץ דערציילן? און וואו האָט די מאַמע צייט אויסצוהערן די גאַנצע מגילה?

„אָבער גיכער, איך האָב קיין צייט נישט. זאָג שוין אוים דעם סוף און זאָל זיין אַן עק!“ — וועט זי אַ געשריי טאָן.

וואָס פאַר אַ סוף וועל איך איר אויסטראַכטן? עס פאַר־קוועטשט מיר דאָס האַרץ. איך וויל נישט, אַז די מאַמע זאָל זיין ברוגז אויף מיר. ווייניק האָט זי וואָס צו טאָן מיט אַלע ברידער! יעדערער טוט דאָך וואָס ער וויל. איז וואָס זאָל איך איצט טאָן? דער אינגל הויבט נישט אָן צו פאַרשטיין וואָס ער האָט אָנ־געטאָן. פאַרוואָס האָט ער גראַדע איצט זיך אויסגעשלאָפן צו קומען? וואָס בלאָנדזשעט ער אין דער נאַכט, זוכט ער ווען אין די גאַסן? צי ער איז אויך געקומען טרינקען זעלצער? האָט ער נישט געזען, אַז איך בין מיט מיין ברודער? אמת, עס איז פינצטער, אָבער זיינע אויגן שטעכן דאָך ווי מיט מעסערס דורך. לייכט נישט פאַר אים די נאַכט ווי אַ העלער טאָג? איך ווייס אפילו נישט צי ער ווייס, אַז איצט איז נאַכט. איך קוק זיך צו אים צו. איצט זע איך, ער איז טאַקע נישט ענלעך צו אַלע אַנדערע. אַ צורה אַ שמאָלע, אַן אויסגעצויגענע אין דער לענג

ווי ביי אַ פוקס. אַ ריר אַהין, אַ קער אַהער. ער שטייט נישט איין אויף איין אָרט. ווי ער וואָלט מורא האָבן פאַר מענטשן. יעדע רגע איז ער גרייט זיך אָפּרייסן פון דער ערד און אַנטלויפן. ס'מויל — אַן אָפּנס, פול מיט ציינער, לויפט אויף. ער קען אים נישט באַהאַלטן אונטער די ליפּן. די ברייטע נאָזלעכער צאַפּלען, ציטערן, בלאָזן זיך אָן מיט פרישער לופט.

איצט פאַרשטיי איך — מיט אַזאַ פּנים קען מען דערשרעקן מיין ברודער.

און וואַרט! ער האָט זיך, דער אינגל, ווייטער אַ ריר געטאָן פון אָרט. זיך אַפילו געביטן אין פּנים.

— אַ גערער האַלדז! אייער הויט איז אַ געלע! — גיט ער מיט אַמאָל אַ זאָג.

איך בין אויפגעשפּרונגען אויפן אָרט. עס האָט מיך אַ שמיץ געטאָן. מיר דוכט זיך — דער ווינט האָט פון מיר אַראָפּגעריסן מיינע קליידלעך. איך בין אַ נאַקעטע אין מיטן גאַס... אַלע זעען מיין האַלדז, מיין הויט... דער ברודער קען שוין פון מיר איצט טראַכטן וואָס ער וויל. איך בין אַ פאַרפאַלענע, אַ צעלאָזענע מיידל. צו מיר רעדט אַ אינגל וועגן מיין האַלדז, מיין הויט.

וואו האָט ער געזען מיין האַלדז, מיין הויט? לאַכט ער מיך נישט אויס? רייצט ער מיך מיט זיינע שאַרפע ציין? איך ווער אַליין צערייצט. און שטענדיק מיט די פאַרבן! ווען זיינע פאַרבן זיינען אים איינגעגעסן אין די אויגן, איז פאַרוואָס דאַרף ער זיי אויף מיר אויסגיסן? געלע פאַרב! וואו האָט ער גענומען אַ געלע האַלדז? רעדן וועגן אַ הויט, וועגן מיין האַלדז פאַר דעם ברודער אין די אויגן! נישט אַנדערש, דער אינגל איז אָדער שיכור, אָדער משוגע.

ער האָט דאָך מיר שוין דערציילט, אַז אַמאָל, ווען ער איז געווען אַ קינד, האָט אים אַ ביס געטאָן אַ הונט . . . איז אָט . . .

טרערן פאַרשטיקן מיך. איך טאַפּ מיך אָן פאַרן האַלדז. איך גיב אַ טאַפּ מיין קליידל, דעם הויכן קאָלנער. אָי, דאָס איז דאָך

שפּיצן. איך האָב פאַרגעסן, אַז דאָס קלייד פון אויבן איז אין געלע שפּיצן.

— דאָס זיינען דאָך שפּיצן, געלע שפּיצן! וואָס, איר זעט עס נישט? און נאָך אַ מאַלער! — שריי איך אויס.

איך וואָלט וועלן צוטראָגן די שפּיצן צו זיינע אויגן — זאָל ער זען, דער „קינסטלער", וואָס איז געל: די שפּיצן, צי די הויט?

— קום, מענדל! — איך שלעפּ מיין ברודער פאַרן אַרבל — קום אַהיים!

איך לאָז איבער דעם אינגל אַ צעטומלטן אין מיטן גאַס...

# אַ שנירל פּערל

גייט דער טאַטע אין קראָם אַריין, בלייבט ער דאָרט שטיין אַ פאַרטראַכטער. טראַכט ער וועגן אַ פּסוק פון אַ ספר, וואָס ער האָט אין דער פרי געלערנט, צי ער זוכט אויס נייע צרות, וועלכע ער זעט אין יעדן ווינקל? אין דעם טומל פון קראָם מישט ער זיך נישט אַריין. קאָכן זיך שעהנווייז צוליב פאַרקויפן אַ בעכערל צי אַ זייגערל פאַר אַ חתן־כלה — לאָזט ער איבער דער מאַמען.

אָבער דווקא ביי אים, ביי דעם פרומען, שטילן טאַטן, האָבן ליב געהאַט קויפן די אַריסטאָקראַטקעס פון שטאָט. באַזונדערס איינע, וועלכע אַ רייכער דירעקטאָר פון אַ פאַרזיכערונג־געזעל־שאַפט האָט אַראָפּגעבראַכט אין שטאָט, כ׳ווייס נישט פון וואַנען.

אַראָפּגעבראַכט אוודאי צוליב באַרימען זיך פאַר אַלעמען. אַ קורצוואָוקסיקער, אַ לעבעדיקער מאַן, האָט ער קיינמאָל נישט גערוט. אויפן פּנים — אַ פאַרטיקער שמייכל, אַ שטענדיקער גלייכוועדטל אויף די ליפּן. די אויגן האָבן אים געגלאַנצט פון אונטער די ברילן. דער קאָפּ — אויך געגלאַנצט. די געציילטע האָר, ווי ער זאָל זיי נישט פאַרבאַרשטן, האָבן נישט געקאָנט פאַרדעקן דעם נאַקעטן קאָפּ.

ער האָט ליב געהאַט זיין אַרומגערינגלט, זיין באַוואונדערט. אַ חברה יונגען, וואָס האָבן נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זייער צייט ביי טאָג — אין אָוונט קאָן מען כאָטש אַ שפּיל טאָן אין קאָרטן — זיינען אים נאָכגעלאָפן.

ווי ער באַווייזט זיך אין גאַס, גייט צו אים צו איין יונגער־מאַן נאָך אַ צווייטן. יעדער פאַרלויפט דעם אַנדערן דעם וועג,

זוכט אַ דריק טאָן דער ערשטער דעם דירעקטאָרס האַנט און אים אָריינוואָרפן מיט אַ הויכן „גוט-מאָרגן" אַ שיין ווערטל.

— וואָס איז דאָ נייעס, הער דירעקטאָר? זיך גוט אויסגעשלאָפן? —

— גיי, וואָס פרעגסטו פאַר אַ קשיא? אָה, נעכטן, הער דירעקטאָר, האָט איר אָוועקגעשטעלט אַ קערטל! איר האָט געזען, אַלע זיינען געבליבן זיצן מיט אָפענע מיילער. —

— אָה, הער דירעקטאָר איז שוין איינמאָל אַ חכם! ס'איז גאָרנישט דאָ אַ גלייכן צו אים! —

זייער אַלעמענס געלעכטער קייקלט זיך פון די הויכע גאַסן אַראָפּ.

די גאָלדענע שפּאַקולן פון דירעקטאָר, ווי זיי זאָלן רייטן אויף די נעזער פון דער גאַנצער חברה, בלישטשען, שפּרינגען אונטער אויף זיין צופרידענעם פּנים. ווען ס'איז פּלוצלונג אַראָפּגעקומען אין שטאָט זיין פרוי, האָבן זיך די יונגעלייט אינגאַנצן צערודערט.

— סטייטש, הער דירעקטאָר, אַזוי אונדז אָפּנאַרן! אפילו נישט אַ פּיפּס טאָן! —

— איר האָט, מסתמא, מורא פאַר אַן עין-הרע, הער דירעקטאָר, אַ? —

— אָ, יאָ, איר קאָנט שוין מער נישט אָפּלייקענען, הער דירעקטאָר, איר האָט מזל. —

— ס'האָט אייך געלוינט וואַרטן, הער דירעקטאָר, איר האָט זיך פאַרזיכערט בעסער פאַר אַלעמען! אַזאַ חן, אַזאַ אַנטיק האָט מען נאָך קיינמאָל, איר הערט, קיינמאָל נישט געזען אויף אונדזערע גאַסן! —

זייער התפּעלות האָבן זיי אַריבערגעטראָגן אויף דער בלאָנדער פרוי, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אין דעם רעדל ליידיקגייערס, ווי אַ מלאך פון הימל.

אַפריער האָט זי נישט געוואוסט וואו זי איז. האָט זי צו

אַלעמען געשמייכלט. זי האָט טאַקע געבראַכט מזל איר מאַן. זיינע געשעפטן — נאָך מער אויסגעוואַקסן. ער אַליין אַפילו איז געוואָרן העכער און וואוקס. אָבער פֿאַר דער פֿרוי האָט ער נישט געהאַט קיין צייט. ער האָט זי נאָר פֿאַרשאָטן מיט מתנות. האָט זי זיך מיט ליידנשאַפֿט צוגעבונדן צו דעם גלאַנץ פֿון גאָלד און איידלשטיינער און קומט כמעט יעדן טאָג צו אונדז אין קראָם אַריין.

ווען איר שוואַרץ-בלישטשענדיקער וואָגן פֿליט שטיל צו אויף די גומי-רעדער, גיבן די אָנגעשטעלטע פֿון קראָם אַ קוק אין פֿענצטער און צעשושקען זיך איינער מיט דעם אַנדערן.

— אָט איז פֿרוי ביכאָווסקע. וואו איז דער באַלעבאָס? רופֿט גיכער דעם באַלעבאָס אין קראָם אַריין! —

איר הויכער גראָבער פֿורמאַן גיט זיך אַ שטעל, ווי אַ באַרג, אַנטקעגן פֿענצטער. הינטער זיין רוקן פֿאַרלירט זיך די פֿרוי. זי רירט קוים אָן די קישנס פֿון דעם וואָגן. אַ לייכטע, פֿלאַטערט זי, גרייט יעדע רגע זיך אָפּרייסן פֿון אָרט און אַפילו אַנטלויפֿן אין אַן אַנדער שטאָט. גייט זי אַראָפּ פֿון וואָגן, וויגט זיך איר שלאַנקער גוף, ווי ער זאָל זיך נאָך וויגן אויפֿן וואָגן.

איר ווייס אַלעבאַסטער פּנים איז פֿול מיט ליכט. קיין מאָל רויטלט זיך נישט אויף אים דאָס בלוט. עס איז ווי פֿאַרגאָסן מיט אַ קריגל מילך.

אַ פּאָר ווייך-שמייכלענדיקע מאַנדל-אויגן. אַ קאָפּ גאָלד-ברוינע האָר. איבער דער אויפֿגעבלאָזענער פֿריזור הויבט זיך אַ קליין היטעלע. מאַכט זי אַ פּאָר טריט אין גאַס, שטעלט זיך גלייך אָפּ דער שטראָם פֿון די פֿאַרבייגייערס. מע קוקט זי אויס מיט אַלע אויגן. מאַנסבילן בלייבן שטיין אויפֿן אָרט. מיידלעך שעפּטשען, שטופּן זיך אונטער.

— זע נאָר וואָס פֿאַר אַ קלייד! מע זעט גלייך, נישט דאָ געניית, אוודאי אין אויסלאַנד! —

— שוין איינמאָל אַ קלייד! —

— און ווי זי קלייבט צו אירע שפּיצן, אַלע מאָל אין פאַרב צו איר פּנים ! —

— אמת טאַקע. אַ מחיה אויף איר צו קוקן. אַז איינגעטונקענע אין זייד און סאַמעט ! —

שעמעוודיק גייט־דורך די פרוי, גיט אַ שטופּ מיט איר ווייסער הענטשקע די טיר פון קראָם און פליט אַהין אַריין, ווי אַ גערוך פון אַ בלום, וואָס דער ווינט פון גאַס האָט פאַרטראָגן. דערזעט זי דעם טאַטן שטיין אויף זיין אָרט, לעבן דעם אייזערנעם פייערקאַסע־אַלמער, גיט זי אַ שוואום צו אים.

דער טאַטע, מיט דאַמען־ערע, באַגריסט זי דער ערשטער :

— וואָס מאַכט איר, פרוי ביכאָווסקע ? ‏עפּעס גוט פאַרבראַכט דעם זומער ?

— אָה, גרויסאַרטיק, פראַכטפול ! אַן עולם וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען. פון דער גאַנצער וועלט זיך צונויפגעפאָרן. און די געגנט — איר קאָנט דאָך די קורשטעט פון עסטרייך ?

— אָ, יאָ, כ׳בין דאָרט געווען אַ פּאָר מאָל. טאַקע זייער שיין.

— איר וואָלט דאָרט זיין האַיאָר, וואָלט איר זיי מער נישט דערקענען.

וואָס פאַר אַ טומל ס׳זאָל נישט שטיין אין קראָם — זי רעדט שטיל, הויבט נישט העכער אויף איר קול. ווי אַ טייבעלע טירקלט זי. אַמאָל גיט זי אַ לאַך, צעשפּריצט זיך איר קול.

דער טאַטע קוקט אויף איר און טראַכט : דאַכט זיך, אַ רייכע, אַ שיינהייט, און דאָ אין קראָם שטייט זי, ווי אַן איינגעמאַטערט פייגעלע. דעם טאַטנס געלאַסן פּנים באַרואיקט זי. זי לאָזט זיך רעדן.

— כ׳קאָן אייך זאָגן, דעם זומער האָט מיר גאָרנישט אויסגעפעלט. ס׳איז געווען באַזונדערס פריילעך, אָבער אָפּטמאָל אויך אומעטיק... איר ווייסט, איינער, זייערער אַ שטאָטסמאַן, האָט נישט געוואָלט מיך לאָזן פאָרן אַהיים. אָט, איך ברענג טאַקע

ווייזן אייך דעם האַלדז־באַנד, זיין מתנה! — נעמט זי פון איר טאַשן־זעקל אַרויס אַ לאַנגן, בלוי־סאַמעטענעם שאַכטל. פון אונ־טערן דעקל גיט אַ בלישטש אַ שלאַנג בריליאַנטן. דער טאַטע פאַרכאַפּט אַ פאַרגרעסער־גלאָז און גיט זיך אַ בויג צו די שטיינער:

— וואָס ווילט איר, ער האָט אייך נישט אָפּגענאַרט! די גרויסע שטיינער זיינען גאָר זעלטענע. הלוואי זאָל איך אַליין אַזעלכע געפינען פאַר מיינע קונדן. איר ווילט זיי אָנקוקן? — גיט ער איר איבער דאָס פאַרגרעסער־גלאָז. — גיט נאָר אַ קוק... אָן שום רונצל... קלאָר, ריינע וואַסערן. נו, די קלענערע... ס'איז נישט קיין חסרון, נאָר צווישן אונדז גערעדט... —

— אָט דאָס איז די מעשה. דערפאַר ווייז איך זיי אייך. צו־פיל קליינע. זיי מאַכן שווער דאָס שנירל; אָט ווי דער מאַן אַליין איז געווען שווער... כאַ... כאַ... כאַ... —

דער טאַטע האָט אויך, נישט ווילנדיק, אַ שמייכל געטאָן. דער פרוים אויגן ווערן מיט אַמאָל טרויעריק.

— איר ווייסט דאָך, איך בין אַ גוטע, כ'טראָג אַלץ איבער. אָבער דאָס מאָל איז געווען טאַקע שווערלעך... די אויסלענדישע דאָקטוירים פאַרדינען אויף מיר שטיקער געלט, — צעלאַכט זי זיך ווידער.

דער טאַטע מאַכט זיך אַז ער הערט נישט. צוליב וואָס דאַרף זי דערציילן אַלע אירע מעשיות? זי וועט זיך דאָך שפּעטער אַליין שעמען — פאַרקירעווועט ער דעם שמועס אויף אַן אַנדער וועג.

— וואָס האָט איר, אייגנטלעך, געוואָלט טאָן מיט דעם האַלדז־באַנד? נאָר פון די גרעסערע שטיינער? גוט, ס'וועט טאַקע זיין פיל שענער און עכטער... איצט, איר געדענקט, פאַר אייער אוועקפאָרן, האָט איר מיך געבעטן וואָס אויסזוכן פאַר אייך? האָב איך עס נישט פאַרגעסן. געזוכט די גאַנצע צייט און געפונען... אַן אוצר... — ענדיקט ער מיט אַ שמייכל.

— טאַקע ? —

איר פּנים אויפגעשטראַלט, ווי פּלוצים זאָל אויף איר אויפ־גיין די פולע לבנה.

— איר זייט אַ וואונדערבאַרער מענטש ! אַ דזשענטלמען ! איך האָב עס דאָך אַלע מאָל געזאָגט. —

דער טאַטע פאַרשעמט זיך נאָך מער. געוואָרן אפילו רויט. ער קערט זיך אום מיטן רוקן צו איר און הויבט אָן איבערקלייבן די שליסעלעך פונעם פייערקאַסע־אַלמער. דער שוואַרץ שטאָלע־נער אַלמער איז געשטאַנען אין ווינקל, אַ פינצטערער לעבן דער גלאַנצנדיקער וואַנט מיט זילבער. צוויי אַזעלכע פייער־קאַסטנס זיינען געשטאַנען אין קראָם. איינס צו דער זייט פון דער מאַמעס הויכן שטול, פול מיט גאָלדענע זייגערס, קייטלעך, בראָשן, בראַסלעטן, רינגען. דער אַנדערער — צום טאַטנס זייט.

אַ הויכער, גרויסער, אויסגעקריצט פון דרויסן מיט כלערליי סימנים, איז ער געשטאַנען, ווי אַ פאַרשטיינערטער סוד פון סודות. די שליסלעך צו אים האָט געהיט דער טאַטע. און עפענען דעם אַלמער איז נישט געווען אַזוי גרינג. יעדער שליסל געמאַכט מיט קונץ. אין יעדערן — ליגט אַ שכל, פאַרקניפּלט, פאַרפּלאָנטערט פאַר אַ פרעמדן אויג.

דער טאַטע, ווי מיט פאַרמאַכטע אויגן, שטעקט אַריין איין שליסל נאָך אַן אַנדערן. יעדער שליסל גיט אַ קנאַק אין די טיפע לעכער, ביז ס'ציט זיך אוים די שווערע טיר. פונעם אַלמער גיט אַ בלאָז אַ קילקייט.

פון זיין טיפעניש שטעקן אַרויס פּאַליצעס, קעסטלעך, שופ־לאָדן, אָנגעפּאַקט מיט פּעקלעך, וואָס באַהאַלטן, ווי פון אַ בייז אויג, אין די געדיכטע פּאַפּירן טיף־איינגעוויקלטע אײדלשטיינער.

דער טאַטע האָט טאַקע מורא פאַר אַן עין־הרע. כסדר טענהט ער און מוסרט די ברידער :

— פאַרוואָס שטעלט מען אַזוי פיל אָן אין די פענצטער ? צוליב וואָס זיך וואַרפן אין די אויגן ? עס בלישטשעט שוין אַזוי

אויך צופיל. צוליב וואָס פאַרבלענדן דעם אַנדערן דעם מוח ? יעדער ליידיקגייער קוקט עס אויס. גיי, דערצייל אים, אַז מען האַנדלט נאָר מיט דעם ! ער מיינט דאָך, איך אַליין בין אָנגע־שטאָפּט מיט גאָלד און בריליאַנטן ! — איז צו די פּעקלעך עכטע שטיינער, אַ חוץ דעם טאַטן, רירט זיך קיינער נישט צו. נאָר ער ווייס וואָס עס ליגט אין יעדן פּעקל. ער פילט עס גלייך אונטער זיינע פינגער, ווי די שטיינדלעך זאָלן אים אַרויסלויכטן פון אונטער דעם פּאַפּיר.

און יעדן פּעקל טאַפּט דער טאַטע אַנדערש אָן. אַפילו דער קאָליר פון זיינע אויגן נעמט זיך בייטן מיט יעדן אַנדערן קאָליר פון שטיינדל.

דאָ פינקלען זיי אויף מיט די הייסע רובינען, אָנגעזאַפּטע מיט זון און פייער ; דאָ לאָזן זיי זיך אַראָפּ מיטן ים־בליק פון די גרינע כישופדיקע שמאַראַגדן. פאַרטיפט ווערן זיינע אויגן מיט די בלויע סאַפירן.

און וואָס שייך די בריליאַנטן, שטעכט דורך זייער שאַרפער בליק נישט נאָר דעם טאַטנס אויג, נאָר אַפילו דאָס פּלים־פּאַפּיר, אין וועלכן זיי זיינען איינגעוויקלט.

די בריליאַנטן ליגן הינטער אַ באַזונדער טירל, אין אַ גע־היימניספולער אָפּטיילונג פון אַלמער. און נישט ווייט פון זיי, אָפּגעצאַמט פון אַלץ, ליגט, ווי אויף אַ בערגל, אַ פּאַק מיט פּערל.

דער טאַטע גיט שטיל אַ שלעפּ דעם פּאַק, גיט אים אַ טאָפּ פון אַלע זייטן, צי זיי זיינען אַלע גאַנץ.

דער פּאַק פּערל איז פאַרטיילט אין קלענערע פּעקלעך, נאָך זייער קאָליר.

פון די קלאָר־ווייסע ביז די אַלט־געלבלעכע ליגט אַ גאַנצער ליטער פון שאַטירונגען. פאַראַן רויז־צאַרטע פּערעלעך, פון אַ קאָליר פון אַ קינדערש בייכל ; פאַראַן אַפילו שוואַרצע פּערל, שוואַרצע נאָר לעבעדיקע ווי טיפע שוואַרצע אויגן, מיט אַ מילדן רייץ.

— באַווייזט מיר אַלץ. כ'האָב שוין לאַנג נישט געזען הוילע שטיינדלעך. איך בענק נאָך זיי, — בעט זיך די פרוי ביים טאַטן.

זיין קאָפּ, אַריינגעטיפט אין אַלמער, גיט זיך אַ בויג. ער קערט זיך צו איר אום מיטן פּאַק פּעקלעך אין די הענט.

אירע ברעמען גיבן זיך אַ הויב, די אויגן — גרייט זיך אויס־שווענקען אין יעדן שטיינדל ווי אין פריש וואַסער.

— איר ווייסט דאָך, יעדן טאָג גלוסט זיך נאָך אַן אַנדער זאַך. און אַפילו אין דעמזעלבן טאָג, קאָן מען דען טראָגן אין דער פרי דעמזעלבן שטיינדל, וואָס פאַרנאַכט? —

דער טאַטע שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

— נו, וואָס ווילט זיך אייך פריער זען? —

ער וויקלט פונאַנדער אַ פּיר־עקיקן שטיקל סאַמעט, דעקט מיט אים איבער דאָס גלאָז פון טיש און קייקלט־צו דעם ערשטן פּעקל.

זייערע ביידנס קעפּ טוען זיך אַ בויג.

פון אונטער די ווייסע פּאַפּיר גיבן אַ ברען די רויטע רובינען.

אויף דעם טאַטנס ברייטן שטערן לייגט זיך אויס אַ רויט־לעכער אָפּשיין.

אין דער פרוים אויגן פאַרלויפט אַ פלעמל. אירע בלאַסע באַקן צעוואַרעמען זיך.

— אָה, ווי זיי בייסן, זיי בריען אָפּ די פינגער. אַ שטיינדל — און ווי ער פלאַמט! — זי פאַרשטעלט די אויגן מיט איר ווייסער האַנט.

— . . . נישט אויף היינט... היינט איז מיר אַביסל אומעטיק...

דער טאַטע גיט אויף איר אַ קוק. אומעטיק אַפילו ווען זי קוקט אויף איידלשטיינער, — וואָס איז מיט איר?

ער וויקלט פונאַנדער אַ פּעקל מיט בלוי־הימלשע טורקיזן. די פרוי גיט זיי ווייך אַ טאַפּ, ווי מע טאַפּט אָן אַ ליכטיק קינדערש קעפּל.

די אַנדערע פּעקלעך מיט אַמעטיסטן שאַרט זי אָפּ פון זיך, פאַרווישט זיי מיטן אַרבל.

— זיי פרייען נישט... ווי שטומע זיינען זיי. —

דער טאַטע פאַררוקט זיי אונטער די צעקנייטשטע פּאַפּירן און עפּנט־אויף אַ פּעקל מיט בריליאַנטן. ווי אַ הימל מיט שטערן זאָל זיך מיטאַמאָל אויסשיטן אויפן טיש. די שאַרף־אויסגע־שליפטע זייטלעך פון די בריליאַנטן שטעכן דורך איינס דאָס אַנדערע, ווי מיט שטיקלעך צעשפּאָלטענעם שפּיגל. ס׳לויכטן דעם טאַטנס הענט, זיינע פינגער ווערן דורכזיכטיק. דאָס פּליס־פּאַפּיר אַליין שטראַלט און שיינט. איין שטיינדל נאָך אַ צווייטן רייסט זיך ווי אָפּ פון פּאַפּיר און קייקלט זיך פּאַמעלעך צום סאַמעט־טיכל. דאָ שטעלן זיי זיך אַלע אָפּ. און צוזאַמען, ווי אָנגענומען מיט אַ טיפן אָטעם, שפּריצן זיי מיט פייער.

— זיי קאָנען ממש משוגע מאַכן אַ מענטשן... זיי שטעכן מיך דורך, כ׳ווייס נישט צי האָב איך זיי ליב... —

זי לאָזט אירע אויגן אַראָפּ. זי פאַלט ווי אין אַ חלום אַריין.

— ווען מען גייט אַריין מיט אַזאַ בלענדנדיקן האַלדז־באַנד אין אַ זאַל, אַ פאַרגאַסענעם מיט ליכט... ווען זיין גלאַנץ צע־קרייצט זיך מיטן פייער פון די לאָמפּן . . . קאָן מען פאַרשיכורט ווערן! —

אין איר ווייסן סאַטין קלייד, טיף אויסגעשניטן, באַפּוצט מיט שפּיצן, טראָגט זי זיך אין איר חלום אין דעם טאַנץ־זאַל אַריין, פאַרהאַלט זיך אויפן שוועל, פאַרבלענדט פון ליכט און שפּיגל. מע מאַכט איר אַ וועג. מע קוקט זי אָן. זי באַהאַלט איר פּנים הינטערן פעכער.

מיט אַמאָל, עמעצענס האַנט נעמט זי אַרום. זי לאָזט זיך טאַנצן, פילט אויף זיך אַ שווערן בליק. צו איר אייגענעם אָטעם מישט זיך צו אַן אַנדער הייסער אָטעם...

— אַה! — גיט זי אַ זיפץ און עפּנט אויף די אויגן. זי דער־זעט דעם טאַטן...

דער טאַטע איז פאַרנומען מיט זיינע פּעקלעך, גיט אויף איר ווי צופעליק אַ קוק און הויבט אָן שטאַרקער שורשען מיט פּאַפּיר.

דער רויש פון די פּלים־פּאַפּירן בלאָזט אויף איר ווי אַ פּריש ווינטל. זי טשוכעט זיך אויס. ס'באַווייזן זיך פּעקלעך מיט גרינע כריזאָליטן, שמאַראַגדן. זיי וועקן זיי אינגאַנצן אויף.

— אַ, די גרינע שטיינער, זיי ציען מיך, ווי אין ים אַריין... ווילן מיר וואָס צוזאָגן... אָבער צו זיי מוז מען אַליין זיין אויפגעהויבן. ניין, נישט היינט... —

דער טאַטע גיט ווייך אַ פרעג: — אפשר, גענוג אויף היינט?

— אָה, ניין!

גיט דער טאַטע אַ נעם אַ ניי פּעקל סחורה.

— איר ווייסט דאָך, כ'האָב אייך צוגעזאָגט, וויל איך האַלטן דאָס וואָרט! — פאַנאַנדערגענומען דאָס פּאַפּיר און ס'האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל מיט פּערל.

גרויסע, קליינע פּערעלעך קייקלען זיך אויפן זייד־פּאַפּיר, ווי אין אַ דין שיטערן זאַמד, בלאָזן מיט זייערע בעקעלעך, ווי מיט אָן אָפענעם מויל, וואָס וויל זיך אָנזופּן מיט ליכט. און אַליין זיינען זיי אַי פּריש, ווי טיפע וואַסערן פון ים, אַי קלעפּיק ווי די געווירצן, צו וועלכע זיי זיינען אַמאָל געוועזן צוגעוואַקסן.

זיי וויקלען זיך פון פּאַפּיר אַרויס, גיבן אַ ציטער, ווי זיי זאָלן מיט אַמאָל אויפלעבן. אַפילו די שוין־געלבלעכע, די שוין־אָנגערירטע פון עלטער, לויטערן זיך אויס פון ליכט און לופט. און אַלע, ווי דורשטיקע נאָך זייערע וואָרצלען פון ים, זוכן אַ לעבעדיקע הויט, כאַטש אַ האַנט, אַ פינגער צו וועלכן מע קאָן זיך צוקלעפּן.

די פרוי איז געבליבן שטיין מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. אויף די אויגן אָנגעלאָפן טרערעלעך, ווי אַ פּאָר פּערעלעך וואָלטן זיך אין זיי אָפּגעשטעלט. איר פּנים אַליין זיך אויסגעקייקלט אין אַ גרויסן ליכטיקן פּערל.

— אַ דאַנק! איר האָט געטראָפן! —

דער טאַטע מיט אַ פּיצל גאָפּעלע אין האַנט כאַפּט אַרויס די גרעסערע פּערל און גיט אַ קער אויפן ליכט זייערע פּולע בעקע־לעך, ווי ער זאָל וועלן זען, צי זיי זייַנען נישט אויסגעוואַקסן פאַר דער צייט וואָס זיי האָבן געשטעקט אין דעם פינצטערן אַלמער.

די קלענערע פּערעלעך פאַרשאַרט ער אָן אַ זייט: איר זייט נאָך קליינטשיקע, וואַקסט זיך געזונטערהייט! — באַגלייט ער זיי מיט אַ ווייכן קוק.

אין איין רגע שלענגלט זיך אויס אויפן רויטן סאַמעט, ווי אויף אַ לעבעדיקן האַלדז, אַ לאַנגער שנירל פּערל.

— איר ווייסט, — גיט זי שטיל אַ זאָג, — נאָך דעם שנירל, קאָן איך נישט אָנקוקן יענעם... פון . . . אויסלאַנד... אַזוי וועל איך אים אָפּטאָן, דעם מאַן. —

— נו, יענער וועט זיין פאַר לייטן, און דער פאַר אייך אַליין.

— אַ דאַנק! —

— איר ווילט זען, ווי שווער זיי זייַנען, די פּערעלעך? — שמייכלט דער טאַטע. — גרינג און שווער. זייער ליכט מאַכט זיי שווער. איך וועל אייך זיי אָפּוועגן. —

ער וויקלט אויס פון אַ קליין קעסטעלע אַ פּאָר דין־זיידענע שנירעלעך, גלייכט זיי אויס, ס'שפּרינגען אַרויס צוויי פּיטשינקע שאָלן.

דער טאַטע האַלט די קליינטשיקע וואָג, ווי אַ צאַצקע. אויף איין שאָל לייגט ער אַרויף עפּעס אַ שאָטן פון אַ געוויכט, אויף דעם אַנדערן — אַ ליכטיק פּערעלע. דער שיין פון פּערעלע ציט איבער צו זיך די שאָל. דעם טאַטנס בליק האַלט אונטער דאָס געוויכט.

— און יעדער פּערל איז אַזוי, — באַלעבט זיך דער טאַטע. — איינס אין איינס. ליכטיק און קלאָר. איר זייט דאָך שוין אַליין אַ מבינטע. איר ווייסט דאָך, די הויפּט־זאַך איז דאָס שפּיל פון זייער וואַסער, פון זייער שיין. דאָס איז זייער לופט, זייער אָטעם. נאָך דעם שפּיל שאַצן מיר זיי אָפּ. איר זעט שוין אַליין, נישט

אַלע מאָל קריגט מען אַזעלכע פּערל. איר וועט זיך פרייען מיט זיי! —

די פרוי ציט אויס איר האַלדז, ווי די פּערעלעך וואָלטן שוין געווען אַרויפגענומען אויף אַ שנירל און אַרויפגעלייגט אויף איר. זי גיט אַ טרייסל מיטן קאָפּ און גלייכט זיך אויס.

— איר ווייסט גאָרנישט, ווי איר האָט מיך מחיה געווען מיט דעם שנירל פּערל! איר וועט נישט גלויבן, איך האָב אויפגעלעבט. איך האָב אַ סוד, וואָס ליגט מיר אויפן האַרצן. איך מוז אייך אים דערציילן... מיין מאַמע האָט אויך געהאַט אַ שנירל פּערל. אַ, ווייט פון אַזעלכע ווי די, פיל קלענערע און מער געלבלעכע, נאָך פון דער באָבען אַ צירונג. זיי זיינען אַוודאי געוואָרן געל, זיך אָנגעזאַפּט מיט דער באָבעס אַלטער הויט. דאָס שנירל איז געווען די איינציקע ירושה, וואָס זי האָט געירשנט פון איר מוטער. זי איז, נאָך אַלס קינד, געבליבן אַ יתומה. צו איר חופּה האָט מען איר אָנגעטאָן אויפן האַלדז דעם אַלטן שנירל פּערל.

— איך בין ממש אויסגעגאַנגען אין טרערן, — פלעגט דערציילן די מאַמע. — די פּערל זיינען געווען פון אייזן, אַז זיי האָבן זיך נישט צעשמאָלצן. —

— זי האָט געהאַט ניין קינדער. און יעדעס מאָל, ווען זי איז געגאַנגען צו קינד, האָט זי אָנגעטאָן דעם שנירל פּערל אויפן האַלדז. זי האָט זיך איינגערעדט, אַז אַזוי קומט צו איר צוקאָפּנס איר יונג־פאַרשטאָרבענע מוטער און בענטשט זי מיטן עופעלע צוזאַמען. די פּערעלעך, האָט מיין מאַמע געזאָגט, לויכטן, ווי ליכטעלעך. די קינדער וועלן אויך אַרויס שיין און ליכטיק. און זאָג אַליין, — פלעגט זי מיר אַ שמייכל טאָן, — ביסטו נישט שיין, ווי אַ פּערל? —

אַ שעמעוודיקער שמייכל לויפט אַרויף אויפן פּנים פון דער פרוי און לויפט אַראָפּ. איר פּנים פאַרציט זיך, ווי מיט אַן אָנגעלאָפענעם שאָטן. זי גיט טיף אַ זיפץ. מיטן זיפץ פאַלט איר קול איין.

— איינמאָל האָט מיין מוטער, ניט פאר קיינעם געדאַכט, געהאַט אַ טויט קינד. זי האָט נאָך נישט געוואוסט, אַז דאָס קינד איז טויט.

— האָט רחמנות, — האָט זי אַ געשריי געטאָן, — גיט אַ קוק, דער גאַנצער גוף בייסט מיר, ווי אַ ראַיע מוראַשקעס וואָלטן אויף אים אַנגעפאַלן. — מע האָט געפונען אויף איר קימפעט־בעט צעשאָטענע פערעלעך. איר שנירל האָט זיך איבערגעריסן, די פערעלעך האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון האַלדז און זיך צעקראָכן איבערן בעטגעוואַנט. די מוטער האָט פון זיי נישט אַראָפּגעלאָזן די אויגן. אַליין אין שוויים, האָט זיך איר געדוכט, די פערעלעך זיינען אויך פאַרשוויצט.

— ס'ווּפּעלע לעבט נישט, אמת? — מיטן שנירל האָט זיך טאַקע איבערגעריסן איר יוגנט. פון דעמאָלט אָן האָט זי מער קיין קינדער נישט געהאַט. איר זעט, וואָס פאַר אַ כוח ס'האָבן די פערל? —

זי גיט אַ הויב איר קאָפּ.

— און אַט, וועל איך האָבן מיינס אַ שנירל פערל. כ'וועל אים נישט אַראָפּנעמען פון האַלדז. איך בין דאָך נאָך יונג. אפשר וועל איך אויך וואָס שיינס ברענגען אויף דער וועלט?... איצט פאַרשטייט איר, פאַרוואָס עס זיינען מיר אַזוי טייער די פערל? איר וועט מיר זיי גיך פאַרטיק מאַכן, אמת? אָ, אַ דאַנק, אַ גוטן!

אויסגעגאָסן איר האַרץ, נאָך גרינגער געוואָרן, און, ווי אויף פליגלען, איז זי אַרויסגעפלויגן פון קראָם.

# אַ שפּאַציר מיטן טאַטן

טומלען זיך מיט „קליינע“ קונדן האָט דער טאַטע ניט ליב. אויב עס זיינען נישט אַריין ווער פון די גאָר גרויסע קונדן, וואָס האָבן ליב געהאַט צו קויפן דווקא ביים טאַטן, פלעגט ער זיך נישט רירן פון אָרט. מיט אַ סוחר, וואָס קומט צו פאָרן איינ־קויפן ביי אים צירונג, צערעדט ער זיך וועגן וועלט־זאַכן.

אָפטמאָל בלייבט דער טאַטע שטיין ביים צאָלבאַנק גלאַט אַזוי. זיין ווייס פּנים — אַ טאָג־ליכט אין דער פינצטערער קראָם. זיינע בלויע אויגן פאַרטיפן זיך. וועגן וואָס? מיר דאַכט זיך, ער טראַכט גאָר נישט וועגן אונדז קינדער. אפשר דערמאָנט ער זיך דעם בלאַט גמרא, וואָס ער האָט געלערנט אין דער פרי?

זיין גרויסער פולער גוף שטייט אין קראָם ווי אַן אָפּגעצאַמטער. איך פלעג פאַר אים נישט מורא האָבן, און שטייענדיק לעבן אים — זיך באַרואיקן. אַמאָל האָט ער זיך ווי איבער־געזידלט און אָוועקגעזעצט זיך אויף אַ שטול אין דרויסן ביי דער טיר. יעדער פאַרבייגייער גריסט אים העפלעך. ער ענט־פערט עפּעס, ווי אין חלום, און קוקט אין הימל אַריין. ער זוכט אוים אַוודאי — פון וועלכער זייט וועט אָנקומען דער ערשטער שטערן.

איך שטיי, ווי אַ הינטל, הינטער זיין שטול.

— באַשקע, ווייסט, אפשר וועלן מיר אַרויספאָרן אַ ביסל שפּאַצירן? גיי, טו זיך אָן.

מען דאַרף מיך קיין סך נישט בעטן. איך פאַרשווינד און קום גלייך צוריק, אָנטוענדיק מיין היטל אויפן וועג.

איך האָב אַזוי ליב צו פֿאָרן אויף אַ דראָזשקע! אַפּילו אַז עמעצער פֿון די אָנגעשטעלטע פֿאָרט מיט פּעקלעך צו דער באַן, בעט איך זיך: נעמט מיך כאָטש פֿון הינטן, אָן אַ זייט, אַבי אַ פּאָר טאָן כאָטש אַ פּאָר טריט.

פֿאָרן מיטן טאַטן הינטער דער שטאָט איז ווי אַרויספֿאָרן אין אַן אַנדער וועלט.

מיר צעזעצן זיך ברייט אויף דער דראָזשקע. מיר וויגן זיך שטיל אויף די גומענע רעדער. רעדן גאָר נישט. ס'דאַכט זיך, פֿאַרקערט, אַז מיר זינגען, שרייען אויפֿן קול. אָט באַלד קלאַפּן זיך שוין אָפּ די לעצטע שטיינער פֿון דעם ברייטן שאָסיי. מיר זינקען אין דעם טיפֿן זאַמד. מיר האָבן פֿאַרגעסן די שטאָט. מיר זיינען אַנטלאָפֿן פֿון איר, ווי אויף אייביק.

— ר' שמואל־נח! איר ווילט זיך אומקערן? איר זייט נישט איינגעמאַטערט? — קערט זיך צו אונדז אום דער פֿורמאַן און רייסט אונדז אָפּ פֿון אונדזערע חלומות. דער טאַטע ענט־פֿערט גאָר נישט. דער פֿורמאַן פּסקנט אַליין וויפֿיל דער טאַטע דאַרף שפּאַצירן, און קערט זיך צוריק אַהיים.

דער טאַטע, אַן אָפּגעפּרישטער, קריכט לייכט אַראָפּ פֿון דראָזשקע. זיינע בלויע אויגן זיינען נאָך בלויער געוואָרן. אויף די בלאַסע באַקן רויטלט זיך אַ לייכטער גלאַנץ. איך אַליין וויל גאָר נישט אַראָפּ און פֿאָר צו מיט דעם פֿורמאַן כאָטש נאָך עטלעכע טריט. ביז ער שטעלט זיך אָפּ אָן אַ זייט אויף זיין וואַרט־פּלאַץ:

— נו, באַשענקע, גיי אַהיים!

# דער זייגערמאַכער

ווערט מיר אומעטיק צו זיצן אַליין אין שטוב, לויף איך אין קראָם אריין. דאָרטן איז אַלע מאָל פריילעך, ווי אויף אַ חתונה. אָבער וואו באַהאַלטן זיך, איך זאָל זיך נישט פּלאָנטערן צווישן די פיס פון די אָנגעשטעלטע?

דער דורכגאַנג פון קראָם איז שמאָל. שטופּט מען מיך אָפּ, ווי אַ קייקעלע, פון איין אָרט אין דעם אַנדערן.

— וואָס דרייסטו זיך דאָ ארום? גיי אַהיים, מע האָט דאָ, אָן דיר, וואָס צו טאָן! —

— אין דער היים איז קיינער נישטאָ. איך האָב מורא. —

— וואָס עפּעס קיינער נישטאָ? און וואו איז סאַשע? גיי, זי וועט זיין מיט דיר! —

מיט פאַרביסענע ליפּן גיי איך אַוועק, אָבער נישט אַהיים. איך כאַפּ זיך אריין צום זייגערמאַכער. איך לויף צו זיין טיש. לעבן אים בין איך רואיק. איך בין ווייט פון אַלעמען און אַז מע שרייט אויפן זייגערמאַכער, פאַרגעסט מען אָן מיר.

האָב איך זיך טאַקע צוגעבונדן צו דעם עלטערן זייגער-מאַכער, דעם פאָטער פון דעם יונגן. זייערע ביידנס ווערקשטאַטן זיינען געשטאַנען אַנטקעגן די צוויי פענצטער פון דער קראָם.

איך פאַרשטעק זיך אין אַ ווינקל פון זיין טיש, צו וועלכן ס'איז געווען צוגעשרויפט דער אייזערנער שרובשטיק. דאָס טישל איז אינגאַנצן אָפּגעקראָכן. ווייס האָלץ שיט זיך פון אים, ווי צעפוילטע הויט. דאָ און דאָרטן — בערגלעך טרוקענע זעגעכץ. גיט מען זיי אַ בלאָז, פאַרשיט עס די אויגן.

אויפן טישל וואלגערן זיך רעדלעך, שרייפלעך, זייגער־דעקלעך, גאָלדענע רעמלעך, ציפערבלאַטן, שפרינג־פעדערס, דינינקע ציטער־פעדערס. הינטער זיי באַהאַלטן זיך, ווי קינ־דערשע אויגן, קיילעכדיקע גלעזלעך. אַלץ צעוואָרפן, צעשפּרייט, גלייך ווי ערשט אַרויסגעוואָרפן פון גרונט ים.

פאַר דעם באַלמעלאָכע איז יעדע זאַך געווען אַן אוצר, און ער האָט עס געהיט ווי זיין אויג אין קאָפּ.

איך האָב נישט געטאָרט ניט אָנרירן, נישט אָנטאַפּן. אָבער איך האָב שוין אַליין זיך נישט גערירט פון אָרט. געשטאַנען, ווי דער אייזערנער שרובשטיק, אַ צוגעשפּאַנטע צו זיין טישל.

מיט דעם זייגערמאַכער האָט מען שטענדיק געהאַט וואָס צו טאָן. שטענדיק ביי אים געמאָנט, פאַרוואָס שלאָגן נישט אַלע זייגערס מיט אַמאָל, פאַרוואָס יעדער זייגער כאַפּט זיך אויף אין אַ באַזונדער צייט.

קיינער גיט נישט אַ טראַכט, אַז דער זייגערמאַכער קאָן האָבן וואָס אַנדערש אין זינען אַ חוץ די זייגערלעך. פאַרגעסט ער אויך אַליין, אַז ער האָט אַן אייגענע היים, אַז ער איז אַ טאַטע, אַ שטיקל באַלעבאָס פאַר זיך.

ער איז שוין צוגעוואוינט, וואָס מע שרייט אויף אים, ווי אויף אַ אינגל, און שעמט זיך נישט מער פאַר זיין אייגענעם זון, וואָס זיצט אַנטקעגן אים, ביים אַנדערן ווערקשטאַט.

דאָס פּנים פונעם זייגערמאַכער זע איך נישט. ער זיצט אינגאַנצן איבערגעבויגן איבער זיין טישל. כמעט מיטן נאָז רירט ער אָן די זייגערס, וואָס ער האַלט אין האַנט. זיין בערדל דרייט זיך איבערן טישל. פון זיין צעקנייטשטן שטערן, אַ הויכן, ווי אַ באַרג, שטעקט אַרויס אַ שטיקל שוואַרצער קוימען, אַן איין־אויגיקער שפּאַקטיוול. ער איז איינגעזונקען אין זיין אויג.

מיט צוויי פינגער האַלט ער לייכט אונטער אַ פּיצל גאָפּעלע.

שטענדיק פאַרנומען. ער נעמט אַרויס אַ זייגערל פון זיין טיש־קעסטל, גיט אים אַ גלעט מיט דער באָרד, לייגט אים צו צום

אויער, צו זיין נאָז, ווי ער וואָלט וועלן זיך צוהערן צו דעם זייגערלס אָטעם.

דאָס זייגערל טוליעט זיך אין זיינע פינגער. אָן אַנדער זייגער גיט ער אַ קוועטש אין רוקן מיטן גאָפּעלע און דער הינטערשטער דעקל פונעם זייגערל שפּרינגט אָפּ מיט אַ לייכטן זיפץ.

איך בויג זיך איבער מיט דעם אַלטן צוזאַמען איבערן אויפגעעפנטן גופל פונעם זייגערל. ווי קליין עס זאָל נישט זיין, זשומעט אין אים אַ ריי פון רעדלעך און ציינדלעך, וואָס דרייען זיך אין אַלע זייטן.

פאַרווילט זיך דעם זייגערמאַכער אָנרירן אַ וועלכן עס איז רעדל, שטעלן זיי זיך אַלע אָפּ, ווי דאָס גאָפּעלע וואָלט זיי צוגעקוועטשט דאָס האַרץ.

דערשראָקענע, וואַרטן זיי, עס זאָל זיך אָפּרייסן דער קאַלטער ניקל און זיי זאָלן קאָנען ווייטער זיך צעלויפן און טאַנצן.

דערהערט ער, אַז ביי איין זייגערל קלאַפּט זיך צו־שוואַך זיין הערצעלע, בויגט ער זיך איבער אים נאָך נידעריקער. גיט אים דאָ אַ שרויף, דאָ אַ דריי, קוליעט אים איבער פון פאַרנט אויפן רוקן, טרייסלט אים אויף און פּליסט אים אין אויערל זיין איינגענעם אָטעם אַריין. ער וואַרעמט אים אָן. דאָס זייגערל, גלייך ווי אַ זויג־קינד, זופּט זיך אָן מיט געזונט און כח.

עפנט דערנאָך אָפּ דער אַלטער זיין טישקעסטל און לייגט אים אַהין אַריין זיך אויסרוען. דאָס טישקעסטל איז ווי אַ שלאָפצימער פאַר די זייגערלעך. זיי ליגן דאָרט אין שאַכטלעך, ווי אין ווייכע בעטעלעך, איבערגעצויגענע מיט סאַמעט און זייד. אַזוי רוען דאָרט די שענסטע דאַמען־זייגערלעך, באַשפּריצטע מיט ליכטיקע בריליאַנטן.

זיי זיינען אַזוי שיין, און זיי זיינען זיכער, אַז דער אַלטער וועט געפינען צייט זיי אַ גלעט טאָן אַן איבעריקן מאָל, זיי ווייך איבערדרייען די קעפּלעך און צולייגן זיך צו זייערע גלאַנצנדיקע בעקעלעך, ווי ער וואָלט וועלן זיי אַ קוש טאָן.

די זייגערלעך פלעגן זיך גלייך פאַררוויטלען פון דעם זייגער־מאַכערס אָטעם און קוועלן פון גליק אין זייערע שאַכטעלעך. אויף די זייטלעך פונעם טישקעסטל הענגען, ווי אויף ווענט, אויף פיטשינקע טשוועקעלעך צענדליקע פשוטע זייגערס.

זייער אַלעמענס הערצעלעך קלאַפּן זיך אָפּ אָן די ווענטלעך פונעם שופלאָד. יעדער וויל געבן צו וויסן דעם אַלטן, אַז ער לעבט, ער גייט. יעדערער וואַרט אויף אים, ווען נעמט ער אים פון דעם טשוועקעלע אַראָפּ?

דער זייגערמאַכער דרייט יעדערן אָן, ווי אַ קינד, פאַר די אויערן. דעם לערנט ער גיין, דעם אַנדערן פּרוּווט ער אויס זיין גאַנג, פאַרהאַלט ווען ער אים צו־גיכע טריט, שטעלט אָפּ, לאָזט ווייטער גיין און אָן איינגעמאַטערטן הענגט ער אים ווייטער אויף אויף זיין אָרט.

דער אַלטער האָט זיי אַלעמען גוט געקענט, ווי אַ דאָקטאָר קען זיינע שטענדיקע פּאַציענטן, און, אפשר, האָט ער געוואָלט, אַז זיי זאָלן זיך גאָר קיין מאָל נישט אויסהיילן און בלייבן אייביק ליגן ביי אים אין טישקעסטל.

ווען אַ זייגערל ווערט זייער קראַנק, גיסט ער אים אַריין פון אַ פלעשעלע אַ טראָפּן אויל אין זיין אויערל און פאַרשטעקט אים טיף אין זיין טאַשן־זשילעט.

— נעענטער צו מיין אייגענעם האַרץ, — טראַכט פאַר זיך דער אַלטער מאַן, — וועט, אפשר, דאָס זייגערל זיך בעסער אויסריכטן.

ער האָט טאַקע געטראַכט וועגן זיינע זייגערלעך פיל מער ווי פון זיין אייגענער משפחה.

ס׳וואַרט אויף אים זיין אַלטע פרוי, גייט נישט פון איר שטוב אַרויס. ווי קליין עס איז נישט איר באַלעבאַטישקייט, דאַרף זי אַלץ אַליין טאָן. זיין יונגער בן־יחיד זיצט אָן אומעטיקער ביי זיין ווערקשטאַט, ביי דעם אַנדער פענצטער. מען האָט אים ווי פאַרגעסן.

זיין פאָטער לאָזט אים איבער די סאַמע ביליקסטע זייגערס. אָפט גיט ער אַ הויב זיין קאָפּ און קוקט אין פענצטער אריין. פון דרויסן שטייען שטענדיק מענטשן, וואָס באַוואונדערן די אויסגעשטעלטע בריליאַנטן. דער יונגער איז זיי מקנא.

— לייט האָבן מזל, — מורמלט ער פאַר זיך. — זיי גייען אַרום ליידיקערהייט און קוקן נאָר אויס אַלע פענצטער! —

פונקט דעמאָלט גיט דער פאָטער אַ וואָרף אויף אים אַן אויג.

— וואָס שעפּעליאָוועסטו דאָרטן, ווי אַ ליימענע געטשקע? שוטה דו איינער, שוין צייט זיך אויסלערנען די מלאכה! גיב בעסער אַ קוק אויף דיין זייגערל, דו וועסט אים גאָר קאַליע מאַכן! —

אָבער איידער דער אַלטער לאָזט אויס זיין כעס אויף זיין זון, הויבט די מאַמע אָן צו שרייען אויף אים אַליין.

— גאָט מיינער, וואו זעט מען אַ ריכטיקע שעה? מע קאָן דאָך דאָ גאָר פאַרפאַלן ווערן! ווער ווייס, וויפיל אַזייגער איז איצט? —

און אָט פאַלט אַריין אַ פריץ אין קראָם מיט אַ געשריי:

— נו, וואָס וועט איר זאָגן? מיין זייגער גייט שוין ווייטער נישט, גלייך זיך אָפּגעשטעלט, ווי איך האָב אים נאָר געבראַכט אַהיים! —

דער אַלטער בלייבט זיצן שטיל.

— רבונו-של-עולם! וואָס וויל מען פון מיר? ס'איז גרינג צו מאָנען! האָט ווער געקאָנט אויספורעמען אַלע מענטשן, איינע ווי די אַנדערע גלייך? און זייגערס זיינען דאָך ווי לעבעדיקע נשמות! —

ער בויגט זיך איין נאָך נידעריקער צו זיין טישקעסטל און שטעקט נאָך טיפער אין אויג אַריין זיין פאַרגרעסער-גלאָז. אָנשטאָט מענטשלעכע קולות, הערט ער זיך בעסער צו צו די זשומענדיקע זייגערלעך.

די זייגערלעך פאַרשטייען שוין, אַז מע רעדט וועגן זיי,

זשומען זיי אים נאָך וואַרעמער אין זיין אַלטן אויער. און אַז מען צעשרייט זיך זייער שטאַרק אויף דעם זייגערמאַכער, בויגט ער זיך אַזוי איין, אַז איך מיין, ער אַליין וויל פאַרקריכן אין זיין פינצטערן טישקעסטל.

פון זיין גאַנצן קאָפּ זעט מען נאָר זיין אויער, אויסגעצויגן אין דער ברייט, ווי אַן אָפענער טויער. מע הערט אין אים אָפּ־קלינגען די גייענדיקע זייגערלעך.

פאַר זיך איז דער אַלטער געווען צופרידן, וואָס מע ברענגט אים זיין זייגערל צוריק.

— אַ שלאַק זאָל אים כאַפּן! וואָס פאַרשטייט ער אין אַ זייגערל? ער שרייט דאָך אַליין, איז ווי קאָן ער זיך צוהערן צום זייגערל? —

דער אַלטער כאַפּט אַרוים פון דעם פּריצס האַנט דעם צוריק־געבראַכטן זייגער און גיט אים צוערשט אַ בלאָז אין אויערל, אַז דער פרעמדער שטויב זאָל זיך צעשפּרייטן. און דער אָפּגעלעב־טער זייגערל הויבט אים אָן אומעטיק זשומען, דערציילן ווי עלנט אים איז געווען אין דעם פינצטערן טאַשן־זשילעט, ווי זיין נייער באַלעבאָס האָט אים אָן רחמנות געדרייט זיין קעפּעלע, אַפילו קיין מאָל נישט אַ ווינטש געטאָן אַ גוטע נאַכט. נאָר גע־מאָנט, ער זאָל גיין, גיין אָן אַ שיעור...

לייגט דער זייגערמאַכער אים אַנידער אין זיין טישקעסטל, עס זאָלן זיך צוערשט אויסרוען דעם זייגערלס איינגעמאַטערטע אברים, און טרייסט אים, אַז אַצינד וועט ער אים שוין אַזוי גיך נישט אַוועקגעבן פון זיך. ער וועט שוין געפינען אַ תירוץ. דער פּריץ וועט שוין מוזן וואַרטן.

— אייער זייגער נויטיקט זיך אין אַ גרויסער פאַרריכטונג!

די מאַמע דערהערט און מישט זיך אַריין.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אַנשיקעניש מיט דעם זייגער? וואָס קאָנט איר אים נישט אויסריכטן, ווי ס׳דאַרף צו זיין? אַזאַ רציחה!

— אבער, שאַ, שאַ! וואָס עסט איר זיך אַזוי אָפּ דאָס האַרץ, אַלטע? ווער איז אים שולדיק? ער האָט דאָך אַליין קאַליע געמאַכט זיין זייגער. און נאָט, אָט, וועט ער האָבן אַן אַנדערן אויף צו ווײַסן די צייט. דאָס איז שוין אַ שטאַרקער גייער.

דער זייגערמאַכער האָט געהאַט אַ פּאָר אַזעלכע ליי־זייגערס, וועלכע — ווי לאַסט־פערד — פלעגן אויסלייזן פון דער שווערער אַרבעט די איידעלע גאָלדענע זייגערלך.

איך, פאַרקערט, האָב אַלע מאָל געמיינט, אַז נאָר אונדזער זייגערמאַכער קען אין דער אמתן פאַרריכטן אַ זייגער.

איז עד־היום פאַרטרוי איך נישט מיינעם אַ זייגער אַן אַנדער זייגערמאַכער. זיי בלייבן ליגן אָפּגעשטעלטע, נים־פאַרריכטע, אין מיין אייגענעם שופלאָד.

# מתנות

— גוטן אָוונט! —

— גוטן אָוונט! גוט יאָר! —

קלייבט זיך אָן אין קראָם אַ גאַנצע מחנה מחותנים און מחותנתטעס, מיט זייערע נאָענטע און ווייטע קרובים.

זיי זיינען געקומען אויסקלייבן צירונג פאַר חתן־כלה. מען שטויסט די גרויסע גלעזערנע טיר, ווי יעדערער וואָלט מורא האָבן, מע וועט אים, חלילה, נישט אַריינלאָזן אין קראָם.

די קראָם ווערט צו־קליין פאַר דעם גאַנצן עולם. איינמאָל אַריין, רוקן זיי זיך קוים פון אָרט. דער בליץ־לאָמפּ שטעכט די אויגן. זייערע פּנימער קאָרטשען זיך.

— וואוהין איז מען, אייגנטלעך, אַריינגעפאַלן? עפּעס ווי צו־גאַסט צו רייכע פּריצים! —

קוקט מען זיך אַרום. מען ווישט אויס די שפּאַקולן. פון די קעשענעס שלעפּן זיך אַרויס, ווי פאָנען, גרויסע רויטע נאָז־טיכלעך.

— אַז מען איז שוין מיט לייטן, מוז מען זיין מיט לייטן גלייך! —

גיט מען זיך אַ גלעט די באָרד, די פּאות. מען הוסט אונטער. די אינגערע, די מער־חוצפּהדיקע שנייצן אַפילו אויס די נעז. זיי מיינען, ביז זיי קומען צו די טישן, זיינען זיי נאָך אַלץ ווי אין אַ פּירהויז.

— מען קאָן משוגע ווערן פון די קלאַפּנדיקע זייגערס! —

כאַפּן זיך די עלטערע פאַר די קעפּ. כדי צו פילן זיך אַ ביסל היימישער, הויבן זיי זיך אָן צו רוקן נעענטער צו די טישן.

— מחותן, וואָס באַהאַלט איר זיך? איר דאַרפט דאָך זען דער ערשטער, וואָס איר וועט, אם ירצה השם, איינקויפן! — שטופּט מען אונטער מיט די עלנבויגנס אָן עלטערן אויסגעדאַרטן איד, וועמענס בערדל הענגט אַרונטער, ווי אַ בעזעמל. די הויפּט־מחותנתטע קייקלט זיך שוין אַליין הינטער אים.

— טוט מיר אַ טובה, שטופּט זיך נישט אַזוי! לאָזט דורכ־גיין די כלה!

— שימקע, פּרא־אָדם, וואָס שעמסטו זיך? דו ביסט דאָך שוין, מיט גאָטס הילף, אַ כלה! קום מיט מיר, מיר וועלן זיך שוין דורכשטופּן! —

די קליין־געוויקסיקע כלה שלעפּט זיך נאָך איר מאַמען, ווי זי וואָלט זיין אַ הינקענדיקע.

דער חתן, אַ יונג שוואַרץ בחורל, בלאַנדזשעט, ווי אַ שאָטן, הינטער די מאַנסבילשע בערד.

ווי נאָר די אָנגעשטעלטע פון קראָם האָבן דערזען דעם גרויסן עולם, זיינען זיי זיך צעשאָטן אין די זייטן.

— מיט אַזאַ משפּחה וועט מען מוזן אָפּקלאַפּן גוטע פיר, פינף שעה! — רופן זיי צו הילף די מאַמע.

— באַלעבאָסטע, באַלעבאָסטע, אַ חתן־כלה געקומען! —

די מאַמע איז ווי אויסגעוואַקסן הינטער דער צאַלבאַנק. זי זעצט זיך אַוועק אויף איר הויכן שטול און נעמט אַרום מיט איין בליק די פּאָר מנינים מענטשן. איר ווייס שפּיצן־קעלנערל אויפן האַלדז גיט צו נאָך מער ליכט איר קלאָרן פּנים און ברענגט אַריין אַ רואיק פייערל אין דער צעטומלטער משפּחה. אָן אַ וואָרט האָט זי זיי צונויפגעקליבן אַרום זיך.

— וואָס מאַכט איר, אַלטע? — קוקן זיי אַלע אויף דער מאַמען.

— נישקשה, אַ דאַנק דעם אויבערשטן! נישטאָ וואָס צו זינדיקן. און וואָס הערט זיך ביי אייך? —

— אַז מען זעט זיך שוין געזונטערהייט, איז דאַנקען גאָט!

— וואָס־זשע, איז חלילה ווער קראַנק געוועזן? —

— ניין, חס־ושלום, גאָט זאָל אויסהיטן! אָבער, איר ווייסט דאָך, די יאָרן גייען און אַליין שטופּט מען זיי אויך אַ ביסל צו. שוואַכט מען זיך אָפּ. אָט, גיב איך שוין אוים מיין לעצט טעכ־טערל. שימקע, זאָל געזונט זיין, איז דאָך מיין מוזינקע! —

— זאָל זיין מיט מזל און הצלחה! —

דער מאַמעס ווייבער שמייכל גיט צו מוט דער מחותנתטע. זי פירט דאָך דאָס רעדל. איר מאַן, אַן עלטערער, אַ שטילער — שווייגט. זי אַליין רעדט. פון גרויס התפּעלות צעוויגן זיך די פּאָר בלימלעך אויף איר הייבל. זי הויבט ערשט אָן איר דרשה:

— אַז מע גיט טאַקע אַ טראַכט, אַלטע, איז וואָס איז דער תכלית? אָבער אַ ברירה האָט מען! מע דרייט זיך אַרום! אָט, באַלד, בלייבן מיר שוין איבער דייעד ס׳באַבאַי. נו... און דער־נאָך?... —

ווי אַ צוגעשטופּטע צו אַ וואַנט, ווערט זי אַנטשוויגן.

עטלעכע קרובים גיבן אַ קרים מיט די נעז. אָבער די מחותנתטע כאַפּט נאָר איבער דעם אָטעם און גייט ווייטער:

— שימע איז טאַקע געבאָרן געוואָרן, מע קאָן זאָגן, אין אַ מזלדיקער שעה! אַ פּולע האָבן זיך צו איר געשדכנט. נאָר מיט ד ע ם שידוך האָבן מיר זיך, מיט גאָטס הילף, נישט גענאַרט. דער חתן . . . קוקט נישט, וואָס ער איז יונג, ערשט פון בוים. ס׳איז שוין איינמאָל אַ למדן! און שטאַמען שטאַמט ער פון די גאָר־געהויבענע, פון די הויכע מדרגות! זיין יחוס . . . — די מחותנים שאָקלען צו מיט די בערד, ווי זיי וואָלטן וועלן צוגעבן נאָך מער וואָג צו אירע ווערטער.

— און אונדזער דוד האָט זיך אויך נישט מיט וואָס צו שעמען! איך און מיין מאַן, זאָל געזונט זיין, האָבן זיך טאַקע גוט מיישב געווען ווי צו שרייבן תנאים. —

מע גיט איר אַ זעץ אָן אַ זייט.

— וואָס איז? פּאַזשאַלויסטאַ, פּאַרקערעוועט מיר נישט דעם וועג! לאָזט מיר רעדן!

— אַלטע, איר האָט געהערט וועגן ר׳ מענדלען, דעם חתנס עלטער־זיידע? אַ ליכטיקער גן־עדן אים! איז ד אַ ס געווען אַ פרומער איד! אַ צדיק, זאָג איך אייך! הלוואי, אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן! זאָל זיין זכות ביישטיין דעם איניקל! —

אַלעמענס קעפּ פּאַררייסן זיך צום באַלקן, ווי ס׳וואָלט זיך דאָרט געהאַט באַוויזן דער פאַרשטאָרבענער עלטער־זיידע.

— מחותנתטע, איר זייט דאָך גאָר ווייט פּאַרקראָכן! —

דער כלהס מוטער גיט אַ קוק אויף דעם אַרויסגעשפּרונגענעם קרוב.

— און וואָוהין קריכט איר? נישט קיין חידוש, וואָס מע האָט קאַפּוויטיק פון אייך! —

דער קרוב בלייבט שטיין ווי אַן אויסגעפּאַטשטער.

די אַנדערע ווילן אויך אַריינשטעלן אַ וואָרט. די מאַמע קען די גאַנצע משפּחה. אַ היפּשע ביסל קינדער האָבן זיי שוין אויס־געגעבן און פאַר יעדערן האָט מען געקויפט צירונג און דרשה־געשאַנק ביי דער מאַמען אין קראָם.

— וואָס רעדט איר? געשטאָרבן? זי האָט דאָך אַלע מאָל אויסגעזען אַזוי שיין און שטאַרק! — צערייסט זיך די מאַמע דאָס האַרץ פון דער ידיעה, אַז איינע פון די קרובים איז גע־שטאָרבן.

— אָט, דאַכט זיך, ערשט האָט מען געקויפט מתנות פאַר איר. אָט, ווי איך זאָל זי זען פאַר מיינע אויגן! גאָט זאָל אונדז אויסהיטן פון אַלע צרות! אַך! —

— אַ ביטערער רחמנות, אַ צער־בעלי־חיים אויף די יתומה־לעך! גאָר פּיצעלעך קינדער איבערגעבליבן! — הויבט אָן כמעט וויינען אַן עלטערע מומע.

די הויפּט־מחותנתטע זעצט זיך ווייטער אויף איר זאַטל אַרויף.

— נו, מע טאָר נישט זינדיקן, דבורה! שלמה פאַרדינט, מיט גאָטס הילף, אויף זיינע הוצאות . . .

— ניין, נישט וויטעבסק... — שאָקלט זי מיטן קאָפּ אויף דער מאַמעס פראַגע, פון וועלכער שטאָט דער חתן שטאַמט.

— וויטעבסק, נישט וויטעבסק, איך זאָג אייך . . . —

מען קאָן זי גאָר נישט אָפּשטעלן. ווי זי וואָלט מורא האָבן, ווען זי הערט אויף צו רעדן וועגן דעם חתן, וועט איר דער גאַנצער אוצר אַרויספאַלן פון די הענט.

— מיט איין וואָרט, געכאַפּט אַ גליק! — האַלט נישט אויס אַן עלטערע מומע.

— וואָס מישט איר זיך אַלץ אַריין? וואָס לאָזט איר מיר נישט אויסרעדן אַ וואָרט? —

— ווער? איך? שטענדיק האָט איר צו מיר טענות. וואָס האָב איך אַזוינס געזאָגט? איך האָב דאָך גאָרנישט געזאָגט! —

— שאַ! וואָס איז דאָ פאַר אַן אָרט צו קריגן זיך? —

— ווי גייט עס אייער עלטערער שוועסטער? — קומט די מאַמע צו הילף דער פאַרשעמטער מומע. — נאָך אַלץ קראַנק מיט די פיס? ברוך השם, אַז גאָט וויל וועמען שטראָפן, איז גאָר קיין רפואה נישטאָ! —

די גאַנצע משפחה צעזיפּצט זיך מיט דער מאַמען אינאיינעם. מען מוז שוין אויפהערן צו רעדן. די כלה הלשט זען וואָס פאַר אַ מתנה וועט מען איר אויסקלייבן.

אַ קורצע, נאָך נישט קיין פאַנאַנדערגעוואָקסענע מיידל, האָט זי זיך צוגעהערט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו די ווייבערשע רייד.

אַנשטאָט די אויגן, בלישטשעט איר לאַנגער רויטער נאָז, ווי ער וואָלט וועלן זיך אַראָפּגליטשן פון איר פּנים. גיט עמעצער אויף איר אַ קוק, ווערט זי אינגאַנצן רויט, ווי אַ בוריק. פון בזיונות זוכט זי ווי פאַרקריכן אונטער איר מוטערס ברייטער פעלערינע.

אויפן חתן האָט זי מורא אַ קוק צו טאָן. זי זעט אים כמעט דעם ערשטן מאָל. ער שטייט אין אַ זייט, ווי גאָר אַ פרעמדער. מיט אַמאָל דערמאָנען זיך די מחותנים צוליב וואָס זיי זײַנען אַהער געקומען. הויבן זיי זיך אָן מיישב זײַן.

— ערשטנס, וואָס קויפט מען אײַן? וואָס דאַרף מען, אײַגנטלעך, אײַנקויפן? נו, פאַר דער כלה — אַ זייגערל מיט אַ קייטל און אַ רינג. און פאַר דעם חתן וועט מען, אם ירצה השם, אויסקלײַבן אַ באַלעבאַטישן זייגער.

די מאַמע וויקלט פאַנאַנדער איין פּעקל נאָך אַן אַנדערן. פון די פּעקלעך קײַקלען זיך אַרויס זייגערס, קליינע, גרויסע, קייטלעך שלענגלען זיך איבער די ווײַסע פּלים־פּאַפּירן. מע האָט עס גע־קליבן שעהנווײַז.

דער פאָטער, די מוטער, די מומעס — גיבן אַ טאַפּ יעדן זייגערל, גיבן אים אַ גלעט, לייגן אים צו צו די אויערן.

די גאָלדענע קייטן טרייסלט מען אויף אין די הענט, ווי אויף אַ וואָג־שאָל: וואָס קאָנען זיי, אָן ערך, וועגן? עס איז דאָך גאָלד!

די יונגע שוועסטערקינדער מעסטן אָן יעדן רינג.

זיי וועלן דאָך אויך, מיט גאָטס הילף, זײַן אַמאָל כלות. מע קומט גאָר נישט צו זיך פון די אַלע שיינע זאַכן. יעדער האַלט זיך פאַר אַ מבין. יעדער גיט זײַן עצה. יעדערן געפעלט אַן אַנדער זאַך.

מען פאַרגעסט, אַז מען דאַרף זיך אויף וואָס עס איז אָפּ־שטעלן. ווי עס פּאַקט זיך אויס אַ נײַער פּעקל, בײַטן זיך גלײַך איבער אַלע פריערדיקע מיינונגען.

— אָך, וואָס רעדט איר? וואָס האָט איר זיך אַזוי אײַנ־געשפּאַרט אין יענעם זייגערל? ווי קאָן מען עס פאַרגלײַכן מיט דעם? — שרייט אויס אַ שוועסטערקינד, אַן אַלטע, פאַרזעסענע מיידל. זי האָט פאַרגעסן, אַז זי איז געווען פאַר יענעם זייגערל אויך אַזוי באַגייסטערט, ווי פאַר דעם לעצטן. אָבער זי וויל נישט

אַנדערש, אַז מע זאָל אויסקלייבן דאָס, וואָס איר איז געפעלן.
— מע קען זיך אויף איר פאַרלאָזן! — זאָגט זי. — זי איז דאָך עפּעס אַ גרויסשטאָטיקע, לעבט שטענדיק אין וויטעבסק. האָט אויסגעקוקט אַלע פענצטער פון די גאָלד־געשעפטן! —
די עלטערע קרובים האַלטן מער פון געוויכט ווי פון שיינקייט.
— דער עיקר, עס זאָל זיין גאָלד, ווי עס דאַרף צו זיין. זאָל דער אַנדער צד נישט זאָגן, אַז מען איז, חלילה, קאַרג! —
איינגעמאַטערטע, קאָנען זיי פאָרט נישט אָפּרייסן די אויגן פון דעם בלישטשענדיקן גאָלד. מען זעט עס דאָך נישט אַלע טאָג.
די מאַמע, אַ ביסל מיד, זיצט אויף איר הויכן שטול און שמייכלט. זי טראַכט: ביז מען קומט צום מזומנעם גראָשן, וועט מען זיך נאָך גוט אָנשוויצן! מע דאַרף דאָך לייזן! גאָט זאָל מיך אויסהיטן, זיי קאָנען דאָך אַוועקגיין אין אַן אַנדער געשעפט! —
אַ דערשראָקענע, הייבט די מאַמע גלייך דערלאַנגען נייע פּעקלעך סחורה און וויקלט זיי פאַנאַנדער מיט נאָך מער היץ. מיט אַמאָל גיבן אירע אויגן אַ בליין. זי כאַפּט עפּעס אַרויס פון אַ פּעקל.
אין איר אויפגעהויבענער האַנט גיט אַ בלישטש אַ זייגערל. דער מאַמעס אויגן ברענען צוזאַמען מיט דעם גלאַנצנדיקן דעקל פונעם זייגערל, ווי די מאַמע וואָלט געוואונען אַ גרויס געווינס.
אויף דער רגע דוכט זיך איר, זי האָט דעם גאַנצן עולם אין די הענט. און טאַקע — אַלע ווערן אַנטשוויגן, אַפילו די עלטערע שוועסטערקינד, וואָס איז געבליבן שטיין, ווי אַן אָפּגעבריטע.
די מאַמע האַלט קוים איין איר קלאַפּנדיק האַרץ. מיט אַ פלינקן קוק לויפט זי דורך די צענדליקער אויגן פון די מחותנים.
פּלוצים פילט זי, איינער פון זיי קלייבט זיך וואָס זאָגן אַנטקעגן.
— און ווי גייט עס אייער ברודער? עפּעס זיך אַרויפגע־

כאַפּט אויף אַ לעבן? — וואַרפט זיך די מאַמע ווייטער אין שמועס אַריין, נאָר נישט אַרויסלאָזן זיי פון די הענט. זי זעט, די כלה איז מיט איר. דאָס מיידל ציטערט אויף, ווי זי גיט נאָר אַ קוק אויף דעם נייעם זייגערל.

אָבער די משפּחה גיט זיך נאָך נישט אַזוי גיך אונטער. ס'איז געקומען דער אַנטשיידענער מאָמענט. אַלעמענס אויגן טראָגן זיך אַריבער אויף חתן־כלהס עלטערן. מע וואַרט אויף זייער לעצטן וואָרט.

— ממה־נפשך... מאַכט עס בקיצור... אַז דער כלה איז עס געפעלן... זאָל עס שוין זיין מיט הצלחה דאָס, וואָס מע האָט אויס־געקליבן... זאָל זי טראָגן געזונטערהייט! — צערעדט זיך מיט אַמאָל דער ביז־אַהער שווייגנדיקער חתנס פאָטער און פאַר־שלינגט גלייך אַ שמעק טאַבאַק. און ווידער אַנטשוויגן געוואָרן.

זיין ווייב אָבער בלאָזט זיך אָן ווי אַ וואָלקן:

— יאָ, אָבער מע דאַרף נאָך זען וואָס קאָסט עס! — הויבט מען זיך אָן צו דינגען.

די מאַמע וואַרפט זיך אַריבער פון איין שלאַכטפעלד אויף דעם אַנדערן. זי הייסט ברענגען דעם גרויסן רייסטער, וואו יעדע מינדסטע סחורה איז איינגעשריבן אונטער זיין נומער.

מען בלעטערט לאַנג דעם גראָבן בוך. דאָס בוך איז שווער און דיק, ווי ער וואָלט זיין אַליין אָנגעפּאַקט מיט סחורה. יעדער פון דער משפּחה זוכט ווי אַהין אַריינצושטעקן זיין נאָז. מען פאַרלירט זיך אין די געדיכט־אויסגעשריבענע זייטלעך. ווי קאָן מען עס דערקענען אונטער די שוואַרצע אותיות דעם בליש־טשענדיקן גאָלדענעם זייגערל?

— ס'איז נישט אַזוי גלאַט ווי ס'ווייזט אויס! דאָ איז עפּעס פאַרשטעקט אַ שכל! — גיט צו אַן עלטערער קרוב. די מאַמע פירט איר פינגער איבער די זייטלעך פונעם בוך. זי זוכט דעם נומער: — אַ! אָט איז ער! —

אַלע גיבן אַ קוק אויף דער מאַמעס פינגער. פון אונטער אים

איז ווי אַרויסגעשפּרונגען דערזועלבער נומער און דערזועלבער פּרייז, וואָס ס'איז געהאַנגען אויף דעם מקח-צעטל פונעם זייגערל. די עלטערע מחותנים האָבן זיך אָנגעפילט מיט נאָך מער דרך-ארץ פאַר דער מאַמען.

— אַלטע, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איר מוזט האָבן אַ רבם אַ קאָפּ, נישט צו מאַכן קיין טעות! —

אָבער די מחותנתטעס הויבן אָן זוכן ווי צו ראַטעווען זיך.

— אַלטע, איר ווייסט דאָך, מיר גלויבן אייך, ווי גאָט אַליין! הלוואי זאָלן מיר האָבן אַזוי פיל נחת פון די קינדער, וויפיל מתנות מיר האָבן שוין ביי אייך איינגעקויפט. אָבער... איר ווייסט דאָך... מען איז קנאַפּ אין מזומן... איז מיט איין וואָרט... אַלטע, ס'וואָלט נישט זיין קיין עוולה, ווען איר לאָזט אַ ביסל אַראָפּ דעם מקח, אַ? —

די מאַמע פאַרשעמט זיך, ווי מע וואָלט זי געכאַפּט ביי אַ גנבה.

— איר ווייסט דאָך, איך פאַרקויף אַלעמען אויף אמונת פרנסה! —

איר האַנט בלייבט ליגן אויפן האַרצן, ווי זי וואָלט וועלן זאָגן: אויב איר גלויבט נישט דעם גראָבן רייסטער, בין איך גרייט אַפילו אָפּזאָגן על-חמוא פאַר אייך.

— נו, ממה-נפשך, זאָל מען אָנהויבן צו רעכענען! — מע דאַרף צולייגן צו דעם איינגעשריבענעם מקח 8 פּראָצענט אויף פאַרדינסט מיט די הוצאות.

מע גליטשט צו, ווי אַ שליטל, אַ גרויסן רעכענונגס-ברעט, אָנגעשנירלט, ווי מיט בייגעלעך, מיט ווייסע און שוואַרצע היל-צערנע רעדלעך.

די מאַמע גיט אַ טאַפּ די רעדלעך. זיי גיבן זיך אַ ציי, קייקלען זיך אַראָפּ, איינס פאַרשלעפּט דעם אַנדערן. דער מאַמעס פינגער שפּרינגען אונטער, ווי זי וואָלט געשפּילט קלאַוויר.

די משפּחה ווערט אומרואיק.

— ווען שטעלן זיך שוין אָפּ די רעדלעך? דאָס שפּרינגט דאָך אַלץ געלד! —

דער חשבון האָט זיך ווי איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַנשטאָט אויבן, זיינען כמעט אַלע רעדלעך אונטן. די מאַמע באַטראַכט זיי, און מיט אַן אַראָפּגעפאַלענעם קול פון רחמנות צו זיך אַליין חזרט זי שטיל איבער:

— אָט, דאָס איז מיין לעצטער מקח. גלויבט מיר, עס איז אַ מציאה! און וואָס איך פאַרדין דערביי, איז אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן! —

די משפּחה ווייס, אַז די מאַמע נאַרט זיי נישט אָפּ. אָבער ווי נישט אויסדינגען כאָטש אַ קלייניקייט? מען וועט דאָך זיי האַלטן פאַר נאַראָנים!

שטויסן זיי זיך אַלע אָן אויף דער מאַמען. מע הערט אויף צו שמייכלען. פאַרגעסן דעם דרך־ארץ. אַלע זיינען מיט אַמאָל ווי אין כעס געוואָרן און קוקן זיך בייז אָן. דער מאַמען ווערט טרוקן אין מויל. איר קול איז שוין הייזעריק.

אַוודאי וואָלט זיך איר וועלן איצט אויסטרינקען אַ גלעזל זיסן טיי. אָבער זי האַלט זיך פעסט. זי שמייכלט מיט אירע לעצטע כוחות.

דער עולם צעשושקעט זיך אין די ווינקלעך. זיי גיבן איבער אַ סוד איינער דעם אַנדערן. זיי זוכן דורכצופירן די לעצטע סטראַטעגיע, וואָס זיי האָבן שוין אויסגענוצט ביי יעדן מתנה־איינקויף.

עמעצער פון זיי גיט זיך אַ רוק צו דער טיר. דער מאַמען ווערט פינצטער אין די אויגן. דריי שעה זיך אָפּגעמאַטערט אומזיסט.

אייניקע פאַרהאַלטן זיך און ווייסן נישט וואָס צו טאָן. עפּעס נישט שיין, וואָס מען דינגט זיך צופיל. אָבער די אייגענע וועלן דאָך שפּעטער האָבן צו זיי טענות; שאַרן זיי זיך שוין אויך פּאַמעלעך צו דער טיר.

אויף דער מאַמעס פּנים לייגט זיך אוים אַ גרויער שאָטן. אַ ביטערער שמייכל באַווייזט זיך אויף אירע דינע ליפּן. זי זעט שוין זיי אַלעמען ביי דער סאַמע טיר.

— זאָל מיינס איבערגיין, רבונו-של-עולם! — שרייט זי אוים.

די משפּחה האָט אויפגעלעבט. אויפגעשטראַלט יעדעס פּנים. מע רוקט זיך צוריק צו די טישן. די מחותנתטע שמייכלט. זי האָט פּאָרט אויסגעפירט. זאָל מען זיך לערנען ביי איר ווי אָפּ־צורייסן אַ גראָשן!

אין קראָם ווערט ווייטער פריילעך און ליכטיק. די מתנות איינגעקויפט, איז ווי אָפּגעשפּילט אַ שטיקל חתונה. די כלה, גאַנץ פאַררויטלט, קוקט פון דערווייטנס ווי אירע מתנות לייגן זיך אוים אויף אַ רויטן סאַמעט פון אַ קליין שאַכטעלע.

דער פאַרחלומטער חתן קוקט גאָר אָן אַ זייט אויף די זילבערנע גאַרניטורן, וואָס בלישטשען ביי זיינע פּים.

— איר ווייסט ווי אָנדרייען אַ זייגער? — וויל די מאַמע אים אויפוועקן פון שלאָף. דער חתן קוקט אָן דעם זייגער, ווי אַ צאַצקע, און טאַפּט אים שעמעוודיק אָן. די מאַמע דערלאַנגט דער כלה דעם איינגעוויקלטן פּעקל און העלפט איר דורכציען דעם אויערל פון פאָדעם אויף איר פינגער.

— טראָגט געזונטערהייט! —

דאָס מיידל פאַרשעמט זיך איינגאַנצן, ווי מע וואָלט איר שוין געהאַט אָנגעטאָן אויף דעם פינגער דעם חופּה-רינג. אַפילו אירע אויערן ווערן רויט.

— אַ דאַנק! — ענטפערט פאַר איר איר מוטער.

— איבער אַ יאָר, אם ירצה השם, זאָלן מיר זיך טרעפן געזונטערהייט ווייטער אויף שמחות! —

— הלוואי! אָמן! — גיט אַ גלעט די באָרד דער אַלטער פאָטער.

— ס'איז שוין שפּעט, אַ? — גיט זיך אַ כאַפּ די מחותנתטע

און קוקט אויף דער וואַנט מיט זייגערס. — מען דאַרף שוין גיין אַהיים, אַ? —

— אַ גוטן אָוונט אייך, אַלטע! —

— אַ גוט יאָר! גייט געזונטערהייט! האָט נחת פון די קינדערלעך! —

אַ קאָפּ נאָך אַ קאָפּ גיט זיך אַ שאָקל. אַלע האָבן זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט.

— נו, גייט, גייט איר אַרויס דער ערשטער! איר זייט דאָך, דוכט זיך, מיט אַ יאָר עלטער פון מיר! —

— כ'ווייס, ווער ציילט די יאָרן? ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אם ירצה השם, האָט מען נאָך צייט! —

אַלע גייען אַרויס פון קראָם פיל פריילעכער ווי זיי זיינען אַריין. אָפּגעטאָן אַ שטיקל אַרבעט. די יונגע מיידלעך שפּרינגען אַרויס, ווי קעץ, זיי שטיקן זיך פון געלעכטער, ווי זיי וואָלטן זיך קיצלען איינע די אַנדערע.

— אוף! עפנט אויף די טיר! — כאַפּט זיך די מאַמע פאַרן קאָפּ. זי לויפט אַוועק אין שטוב זיך אַ ביסל אויסרוען.

איך טראָג איר אונטער אַ זיסע גלאָז טיי מיט וואַרעניעס.

# אַנגעשטעלטע

גייען נאָר די עלטערן אַרויס אויף אַ וויילע, זאָגן זיי מיר:
— באַשענקע, גיי זעץ זיך און היט די קראָם.

איך פאַרקריך אויף דער מאַמעס הויכן שטול. די קראָם איז פול מיט אַנגעשטעלטע. זייערע קעפּ הויבן זיך הינטער די טישן.

וועמען זאָל איך היטן — זיי צו די קונדן? די אַנגעשטעלטע גייען דורך מיין שטול. ווי מיט אַ כיוון גיבן זיי מיר אַ קנייפּ, אַ כאַפּ פאַר אַ האַנט, פאַר אַ פוס. יעדערער זוכט מיך אַ רייץ טאָן, אַ קיצל טאָן. איך הייב אָן צו קוויטשען. זיי רוקן מיך אָפּ מיט דעם שטול צוזאַמען.

— וואָס זייט איר דאָרטן חסר דעה געוואָרן? — לויפט די מאַמע צוריק אַריין אין קראָם. — וואָס האָט איר ניט וואָס צו טאָן, ווי שפּילן זיך מיט באַשקען? אויסגעקליבן אַן אָרט! זעט וויפיל סחורות ס'איז אַנגעוואָרפן!

— און דו, וואָס רייצסטו זיך מיט זיי? — פאַלט די מאַמע גאָר אויף מיר אָן. — שטיל זאָל זיין! לאָזט מיך גיין אַ ביסל אויסרוען זיך. — זי גייט ווייטער אַוועק. איך קוק צו פון דער-ווייטנס ווי די אַנגעשטעלטע וויקלען איין און וויקלען אויף די סחורות.

ווייס, דין פּלים-פּאַפּיר שורשעט, וויקלט אין זיך איין גאָל-דענע רינגלעך, בראַשקעס באַשפּריצטע מיט קאָלירטע שטיינד-לעך. זיי גיבן אַ פינקל, ווילן גאַרנישט פאַרזונקען ווערן אין די פּלים-פּאַפּירן.

מען פּוצט, מען ציילט זיי שטענדיק. מען האָט מורא, זיי

זאָלן זיך ניט אויסשיטן. לייגט מען זיי אַלע צוזאַמען אין אַ גראָבן געלן פּאַפּיר. מען היט זיי פון גנבה. כאָטש עמעצער היט שטענדיק די קראָם, האָט מען דאָך ניט געקאָנט זי איינהיטן פון גנבים, באַזונדער פון אייגענע גנבים. די אַלע אָנגעשטעלטע זיינען שוין פון יאָרן לאַנג אין קראָם. געוואַקסן, געלערנט זיך צוזאַמען.

חנא — דער עלטסטער אָנגעשטעלטער, אַ שוואַרצער בחור — ווי ער דערזעט מיך, עפנט ער ברייט זיין שטענדיק פאַר־שלאָסן מויל און גיט מיר אָפּ אַ שמייכל דורך זיינע אָפּגערוקטע וואָנצעס. זיינע טונקעלע אויגן לאַכן נישט, זיי פינטלען ווי אַן אָפּגעשטעלטע בלאָטע. זיינע הענט זיינען פייכט און קלעפּיק, ווי ערשט אַרויס פון דער זעלבער בלאָטע. איך אַנטלויף פון אים, ווי נאָר זיין האַנט גיט מיך אַ ריר.

רעדן רעדט ער נאָר מיט די קונדן און מיט קנאַפּע, געציילטע ווערטער. אַזאַ שווייגער. ער איז ווי אַן אָנגעבלאָזענער פון שווייגן. אויף זיין קורצן שטערן, גלאַט ווי האָלץ, זעט מען נישט וועגן וואָס ער טראַכט. אַוודאי נישט פון שיינע זאַכן. ער שעמט זיך אויסצוזאָגן. איין זאַך האָט מען געוואוסט: ער זוכט אַ כלה.

יעדן פאַרנאַכט, פאַרן אַוועקגיין אַהיים, טוט ער אויף זיך אָן אַן אומעטיקע צורה. שלעפּט אַרויס פון זיין קעשענע אַ לעצטע פאָטאָגראַפיע פון אַ מיידל, וואָס אַ שדכן האָט אים צו־געשיקט, און בעט זיך ביי מיין ברודער יעקב אים אָנצושרייבן אַ שיין בריוול. יעדן אָוונט צו אַן אַנדער מיידל. ווען יעקב איז נישט אין דער היים, זעצט ער זיך אַליין אַוועק צום טיש און שרייבט אויס מיט זיין פעטן כתב אַ מאָדעל־בריוו פון אַ חתן־כלה־בריוונשטעלער.

די אָנגעשטעלטע ראָזע, פאַרקערט, קרייזלט זיך מיט ווער־טער. איר קול טראָגט זיך איבערן קראָם — ווי אירע אויפ־געבלאָזענע האָר. איר קאָפּ שטענדיק פאַרריסן, ווי זי וואָלט ווייזן אויף יעדן טריט, אַז זי האָט פאַר קיינעם נישט מורא. איז

בעסער טאַקע זי ניט צו פאַרטשעפּען. דאָ דערציילט זי אַ מעשה, דאָ שפּריצט זי אויס אין אַ געלעכטער, וויל יעדערן אַ רייץ טאָן. באַזונדערס צעזינגט זי זיך, ווען עס גייט אין קראָם אַריין אַ יונגער אַפּיצער. זי פאַרוואַרפט אים מיט סחורות, ווי מיט גלייכווערטלעך. בלישטשעט מיט די אויגן, מיט די רינגלעך. און אפשר וויל זי דער אַפּיצער זאָל נאָר קוקן אויף איר? די פאַנאַנדערגעלייגטע סחורות קייקלען זיך מיט איר געלעכטער. זי ווערט שוין דעם אַפּיצער נישט אַרויסלאָזן פון קראָם. ער קויפט איין נישט נאָר וואָס ער האָט געוואָלט, נאָר אפילו דאָס צו וואָס זי האָט צוגערעדט.

כאָטש עס איז שטענדיק דאָ וואָס צו טאָן, גייען אַרום די אָנגעשטעלטע אומעטיקע. אָט בלאָנדזשעט אַ פּויליאַק אַ בחור, אַ הויכער, אַ בלאָנדער. ער האָרעוועט זיך נישט איבער. ער גיט זיך אַ פּאַרקע אין די פּעקלעך, וויקלט זיי איין, וויקלט זיי אויף. ער האָט מער ליב צו שפּילן זיך מיט מיר.

— באַשקע, קום, דו ווילסט זיך אַ וויג טאָן אויף מיינע פיס?

— שטעלט ער אויס זיינע לאַנגע פיס און הייבט אָן צו דרייען מיט די שפּיץ שיך, ווי ער זאָל מיך פאַררופן. אַז איך שטעל זיך שוין אַוועק אויף זיי — הייבט ער מיך אַרויף, לאָזט מיך אַראָפּ. איך וויג זיך. ער צעוויגט זיך, ווי ער וואָלט אַפּשטופּן אַהין און אַהער אַ הויך־אויפגעהייבן שאָקל־ברעט. גיב איך נאָר אַ קוק אויף זיינע בלאָנדע פּעטע האָר, גליטש איך זיך אַראָפּ און ער בלייבט זיצן ווי אַ באַליידיקטער.

אוורעמל — אַ לערן־אינגל, איז אָנגעקומען אין קראָם נאָך גאָר אַ קינד. אויף קעסט אַ שעמעוודיקער, אַ פאַרטריבענער, דאַכט זיך, — מיט אַמאָל וואַקסט ער זיך פאַנאַנדער, זיך אָנ־גענומען מיט חוצפּה און ווערט גאָר אַ שייגעץ, גרויס און גראָב, מיט אַ שוואַרצן פּייערדיקן קאָפּ, מיט אַ גרויס מויל פול מיט שטאַרקע ציינער. ער האָט געקאָנט מיט איין אָטעם מיך פאַר־שלינגען . . . און אויסשפּייען. איך האָב מורא געהאַט פאַר אים.

רבקה, די קאַסירשע, האָט זיך געטרייסלט איבער דער קאַסע. אָן אָרעמע, ניט קיין שיין מיידל, האָט זי ניט געקאָנט זיך צוגעוואוינען, אַז אַ קאַסע פול מיט געלט איז אין אירע הענט. יעדע רגע קוקט זי אָן די מטבעות, צי זיי זיינען דאָ, ציילט, טאַפּט דאָס פּאַפּיר-געלט צי זיי זיינען עכטע. ציטערדיקערהייט נעמט זי צו געלט און צאָלט אויס.

דער בוכהאַלטער הערשל זיצט זיך אין דער פינצטער הינטערן קראָם, צו אַלעמען מיטן רוקן. ווער האָט ווען געזען זיין פּנים? ווי זיינע גראָבע ביכער, איז ער שטום — אַ דאַרער, אַן אויסגעטריקנטער. אַנשטאָט אויגן — שפּאַקולן. לאַנגע דינע פינגער, ווי די בליישטיפטן, וואָס האָבן שטענדיק געשטעקט הינטער זיינע אויערן. אונטער זיין פען לויפן ציפערן. פּאַסיקלעך לייגן זיך אויס אויף די ברייטע זייטן פון זיינע ביכער. ער קוקט הינטער זיי. לאָזט זיי נישט אָפּ. ער האָט מורא, אַז ווי ער פאַר־לירט זיי — פאַרלירן זיך די לעבעדיקע סחורות. יעדעס יאָר, צו ימים-נוראים, רינגלט ער זיך אַרום ווי אַ גענעראַל מיט אַלע זיינע גראָבע ביכער און גייט דורך די רייען פון די איינ־געשריבענע זאַכן. מקחים, נומערן שטעלן זיך אויס פאַר אים ווי סאָלדאַטן. ער גיט אויף יעדן אַ קוק. ער זעט: וואָס האָט מען פאַרקויפט פאַרן יאָר, וואָס איז אויסגעמעקט, וואָס איז געבליבן אין קראָם. גאַרנישט קאָן זיך באַהאַלטן פון זיינע שפּאַקולן. ער קריכט אין בוך אַריין מיט זיין גאַנצן גוף און נשמה. ווי עס פעלט נאָר אַ סחורה, הייבט ער זיך אויף אין דער לופטן, זיין האַרץ פאַרטרייסלט זיך ווי נאָר ער געפינט אַ גנבה. ער זאָגט עס אָן די עלטערן, ווי אַ חורבן. מיט אַ שוואַרצן שווערן פאַרהאַנג פאַרציט זיך גלייך די לופט.

חנא, דער שוויַיגעדיקער, וואָס איז געבליבן צוואַנציק יאָר אין קראָם, האָט ענדלעך געפונען אַ כלה. מיט „נדן" האָט ער געעפנט אָן אייגענע קראָם, אָנגעפּאַקט מיט סחורה, וואָס ער האָט „אָנגעליען" ביי די עלטערן.

# ווינטער

אין שטוב איז היים. אין די אויוונס טרעשטשען בערוועגעם האָלץ. ערשט געבראַכטע נאַסע פון הויף, שיפּען זיי, ווי פון כעס, וואָס מע וואַרפט זיי פון קעלט אין היץ אַריין. הינטער די פאַר־קלעפּטע פענצטער גייט אַ שניי. ווי אַ פאַרחלומטער, פאַלט ער, שטעלט זיך נישט אָפּ, פאַרחלומט אונדז די קעפּ.

— וואָס וועלן מיר דאָ אויסזיצן אין שטוב? קום אויפן הויף!

אַבראַשקע כאַפּט זיין מאַנטל און, פאַרטיק — ער איז שוין אַרויס. ביז סאַשע טוט מיך אָן אין וואָל פון קאָפּ ביז די פיס, האָט שוין דער ברודער עטלעכע מאָל זיך אויסגעקייקלט אינעם שניי.

— אוף! — אין הויף איז ליכטיק, פריילעך. מיר מאַכן שניי־באַבקעס. די וואָלענע הענטשקעס ווערן גיך נאַס. אָבער גיי, וואַרף זיך מיט שניי ביי אונדז אויפן הויף! אַ הויף, ווי אַ ברו־נעם. פון אַלע זייטן — מויערן. הויכע ווענט, אויסגעלעכערט מיט פענצטער, טירן, פון וועלכע עס הענגען אַראָפּ לאַנגע באַלקאָנען.

גיט מען אַ וואַרף אַ קייקל שניי, פאַלט ער גלייך אין אַ פענצטער אַריין.

— אַוועק, שקצים, איך וועל אייך געבן וואַרפן שניי אין פענצטער! — עפנט זיך פאַנאַנדער אַ פאַרטעטשקע און עס צע־שרייט זיך אַ הייזעריק קול, ווי דאָס קייקעלע שניי וואָלט אים גלייך אין מויל געטראָפן.

— אַ, ביסט ווייטער דאָ, מאַזוריק, דו איינער! וואַרט, איך

וועל אייךביידן אַנדרייען די אויערן! איך וועל אייך מכבד זיין מיט אַזעלכע באַבקעס . . . —

— ער שרייט שוין, דער משוגענער! — רייסט זיך אַרויס אַ קול פון אַן אַנדער פּאַרטעטשקע. — מע קאָן פון אים טויב ווערן. וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו די קינדער? וואָס לאָזט איר זיי ניט שפּילן?

— אייך האָט מען אַריינגעוואָרפן שניי אין פענצטער? וואָס מישט איר זיך דאָ אַריין? —

מע שרייט זיך איבער פון ביידע פּאַרטעטשקעס. זיי עפענען זיך אויף, מאַכן זיך צו, ווי זיי וואָלטן זיך שלאָגן צווישן זיך. מען הערט שוין טריט, וואָס לויפן אַראָפּ פון די טרעפּ.

— טאַקע, אַזוי כאַפּט ער אונדז? לאָמיר נאָר זען, ווער לויפט גיכער! קום! — שלעפּט מיך אַבראַשקע צום הויכן טויער, וואָס פירט צו דער גאַס אַרויס.

איך בלייב שטיין ביים טויער, ווי אַ צעמישטע.

אַ ברייטע גאַס. ס'איז לעבעדיק. מענטשן גייען נישט, זיי לויפן, פאַלן, הויבן זיך אויף און לויפן ווייטער. שליטלעך גליטשן. פערדלעך שפּאַנען, ווי מיט סאַמעטענע שיך, איבערן ווייסן סאַמעט.

די זון שיינט. דער שניי גלאַנצט, פינקלט אין די אויגן, ווי מע וואָלט געהאַט פאַנאַנדערגעשאָטן זילבער איבערן שטאָט. עס פלאַצט אוים ערגעץ אַ געלעכטער. מיר לאָזן זיך לויפן באַרג־אַרויף אַהין, פון וואַנען ס'הערט זיך דער געלעכטער. אַ פּאָר טרעפּלעך פירן אַרונטער צו דער אונטערשטער גאַס. אויף די טרעפּלעך איז דער שניי אַזוי איינגעטאָפּעט, אַז מיט דער ערשטער קעלט ווערן די טרעפּלעך גליטשיק.

אַ גאַנצן טאָג שטופּט זיך דאָרט אַן עולם, וואָס שטייט און קוקט און לאַכט אוים יעדערן, וואָס גייט פאַרביי.

— מיינסט, דער וועט אַראָפּגיין גלאַט? —

— ר׳ איד, פּאַמעלעך, גייט נישט ווייטער, גייט בעסער אַרום, איר וועט זיך דאָ צעשלאָגן דעם קאָפּ! —

— למאי לאָזט איר אים נישט גיין? ער וועט סיי־ווי־סיי פאַלן! —

אַ טראַסק נאָך אַ טראַסק. יענער ציט זיך אויס. דער עולם לאַכט.

אַ הויכער יונג קומט אָן. ער גיט זיך אַ שטעל אויפן שפּיץ בערגל. מען הערט אויף צו לאַכן. ווערטלעך פליען אים גלייך אונטער די פּיס.

— נו, אדרבה, ווייז אַ קונץ, דו ביסט דאָך עפּעס אַ „סמע־לער״! —

— קוקט, סאַראַ פּיס ער האָט, ווי ביי אַ פערד! —

און דער יונג שפּאַרט אָן זיינע פּלייצעס, בלאָזט זיך אָן, ווי ער וואָלט וועלן אין איין אָטעם אַריבערשפּרינגען דאָס בערגל. אַ טראָט און — באַץ! אַ טראַסק איבערן אייז.

דער הויכער בחור ליגט אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג. אַ פאַרשעמטער, קלייבט ער גיך צונויף זיינע הענט און פּיס און לויפט אַוועק.

— געכאַפּט אַ פּאָר סיניאַקעס, אַ? נישט געהאָלפן דיינע לאַנגע פּיס! — קווויטשעט דער עולם פון הנאה.

קומען אָן ווייבער, לאַכט מען שוין פאָראויס. איידער זיי קומען צו צום בערגל, גליטשן זיי זיך שוין אויס, קאָרטשען זיך, קראַצן זיך דעם הינטן, קאָנען גאָר נישט אויפשטיין.

— וואָס הירזשעט איר, ווי פערד? מע קאָן דאָך דאָ דער־הרגעט ווערן! אַ שטאָט מיט מענטשן און נישט אָנשיטן אַ ביסל אַש, צי זאַמד. כאַטש נעם און בלייב ליגן דאָ אויפן אָרט! —

דער עולם קערט זיך מיט אַמאָל אָפּ, לאָזט איבער דאָס בערגל מיט די ווייבער.

עס טראָגן זיך פון ערגעץ ווייטע קולות. אַ גערויש. אַ

פייפעריי. מע הוקעט פון אַלע זייטן. מענטשן לויפן, ווי אויף אַ שרפה.

— סטאָפּ! קאַראַול! טפּררר! ראַטואַי! שטעל זיך אָנידער, טשאָרט! דער טייוול זאָל דיך כאַפּן, זעסט נישט, עס שלעפּט זיך אַ אינגל אונטער דיין שליטל?

— רבונו־של־עולם, גאָטעניו! אַ קינד אונטער אַ פערד! — לויפט דורך מיט אַ געוויין אַ ווייבל, מיט הענט אויסגעשטרעקטע אין דער הויך.

— אויף וועמען שרייט מען עס? אַבראַשקע, קום אַ קוק טאָן! — איך גיב זיך אַ קער. נישטאָ אַבראַשקע.

— אַבראַשקע, וואו ביסטו? —

מסתמא אַנטלאָפן. איך דריי זיך אַרום. דער עולם פאַר־שלעפּט מיך, הילט מיך איין אין זיינע קולות.

— לעבט ער נאָך?

— ווער ווייס, יונגע ביינדעלעך ברעכן זיך גיך איבער!

— זאָל גאָט אויסהיטן! ס'איז דאָך אַ אידיש קינד! —

— אַז דער אויבערשטער וויל, קאָן ער נאָך טאָן אַ נס! —

— וועמעס קינד איז עס? איר האָט געזען? —

— אוודאי, גלייך דערקענט, ס'איז אַלטע אייגע ברוכס קליינער אינגל! —

— אַבראַשקע? —

מיין האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ווי אַזוי? ערשט געווען לעבן מיר. ווי קומט ער צו דעם שליטל? אַי, וואָס וועט זאָגן די מאַמע? מע וועט דאָך אונדז נישט מער אַרויסלאָזן אויפן גאַס! —

אָן אָטעם לויף איך נאָך דעם עולם.

— טפּררר...! — שטעלט מען אָפּ דאָס פערד.

— גיב אַ רוק דעם שליטל, הויב אים אויף! — שרייט מען אויפן פויער. מע רינגלט אים אַרום. דאָס פערד שטייט, ווי אַ שולדיקער, מיטן אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער פויער איז אַראָפּ

פון שליטל און האַלט אין איין צלמען זיך און שווערן, אַז ער איז נישט שולדיק.

— למאי קריכט אַ קינד אונטער אַ פערד? דער פערד פאַרשטייט וואָס? ווי קאָן מען זיך איינהיטן פון אינגלעך? האָספּאָדי יסוסע, מאַמע הייליקע . . .

— לאָז צו־רו דיין גאָטס מאַמע, קער גיכער איבער דעם שליטל! —

אַ לאַנגער שליטל, אינגאַנצן אַ ליידיקער. אויף אים ליגט נאָר אַ הויפטל היי. זעט מען דורך די שפּאַלטן פונעם שליטל, ס׳ליגט עפּעס אונטן אַ שוואַרצס אויפן שניי. און אַ פינטל רויט בלוט. איך מאַך צו די אויגן.

— אָי, שוין־זשע איז עס אַבראַשקע? שוין־זשע דערהאַ . . .

דער עולם שפּאַרט זיך אָן, מע גיט אַ הויב דעם שליטל און קיינער גלויבט נישט זיינע אויגן. . . .

פון אונטער דעם שליטל קריכט אַרויס און שטעלט זיך אַוועק אַבראַשקע, די נאָז אַ ביסל צעבלוטיקט... און ער לאַכט נאָך!

איך וויל צולויפן צו אים. אַ נס, אַבראַשקע איז אַ לעבע־דיקער! מיר וועלן ווייטער קאָנען זיך גליטשן אויפן גאַס!

אָבער דער עולם שטופּט מיך אָפּ מיט כעס. מע האָט זיך צעקאָכט נאָך מער, ווי פריער. ווי זיי וואָלטן געוואָרן בייז, וואָס אַבראַשקע איז געבליבן לעבן. זיי וואַרפן זיך אויף אים אָן, ווילן אים צערייסן אויף שטיקלעך.

— אַך, שייגעץ דו איינער! מיינסט, ס׳וועט דיר דורכגיין אַזוי גלאַט? אונדז אַלעמען אַרויסגעצויגן די נשמה, און דו לאַכסט נאָך! —

— ס׳וואַקסט אַ ממזר, נישט אַ אינגל, אַזאַ מזיק וואָלט אפילו געוווען אַ מצווה צו הרגענען! —

— אַוודאי! דאָ וועדט מען אויסגעריסן מיט די יאָרן, ביז

מע האָדעוועט זיי אויס, און זיי לויפן אַרום ווי שקצים איבער די גאַסן. —

— ווער קאָן זיי איינהאַלטן אין שטוב, כל זמן דער שניי איז דאָ? —

— וואָס איז דאָ אַ פּולע צו דאַבערן? מע דאַרף אים אַוועק־טראָגן צו זיין טאַטע־מאַמע. זיין רבי וועט אים שוין געבן צו ווּיסן, ווי צו קריכן אונטער אַ שליטל! —

מע הויבט אויף די הענט, מע וויל אים שוין שלעפּן.

— אָבער זעט, עס איז פאָרט דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט! אַפילו אים ניט אַ טשעפּע געטאָן! —

דער עולם פאַרטראַכט זיך אויף אַ רגע.

אַבראַשקע גיט זיך אַ דריי און גנבעט זיך אַרויס פון אונטער די אויסגעשטרעקטע הענט. ער לויפט אַוועק. צוגעלאָפן צום טויער, קערט ער זיך אום, שטעלט אויס אַ פייג און גיט מיר אַ געשריי:

— באַשקע, קום, מיר וועלן זיך גליטשן אויף קאָנקעס!

# דער גליטש

דער ווינטער ציט זיך. ווייסע טעג און נעכט, פול מיט שניי. עס קומען אָן פרעסט, ווערט פאַרפראָרן דער שניי אליין, עס שטעלט זיך אָפּ דער גרויסער טייך, פון דעם הויכן בריק זעט מען, ווי מע צאַמט דאָרט אָפּ מיט יאָלקעס א גליטש — א קאַטאָק.

גליטשן זיך אויף אמתע קאַנקעס איז געווען אונדזער חלום. דער ברודער אַבראַשקע האָט נאָר געהאַט איין איינציקע קאַנקע מיט א פאַרזשאַווערטן שפּיץ. בינדט ער זי מיט א שטריקל אַרום זיין פוס און מיט דעם אַנדערן שטופּט ער זיך אָפּ. די פאַר־זשאַווערטע קאַנקע גיט א קראַץ דעם אייז און דער פרייער פוס לויפט נאָך, א פאַרבייגטער אין דער הויך.

איך אין מיינע הויכע קאַלאָשן לויף הינטער אים, זינק אינעם שניי. איך קאָן זיך קוים א גליטש טאָן אויף איין פוס.

יעדן ווינטער שטיי איך צו צו דער מאַמען:

— איך וויל . . .

— ביסטו, חלילה, נישט משוגע, חסר דעה? — גיט די מאַמע אויף מיר א קוק. — קאַנקעס? נאָך א נייס! ווי פּאַסט עס פאַר א מיידל גליטשן זיך אויף קאַנקעס? פע, זעסט נישט, אַז נאָר שקצים טוען עס! —

טרערן שטעלן זיך מיר אין האַלדז. איך שלינג זיי אַראָפּ. די מאַמע גיט ווידער אויף מיר א קוק.

— פון דיר, טאָכטער, האָב איך עס גאָרנישט דערוואַרט! — מוסרט זי מיך שוין מיט א שטילערן קול. — שוין באַלד א גרויס מיידל, גייסט שוין אין קלאַס. וואָס וועט זאָגן דיין לערערקע? —

— אַט, אַבראַשקע לערנט זיך אויך און ער גליטשט זיך א גאַנצן טאָג. —

— אַבראַשקע? וואָס קוקסטו אויף אים? ווי קאָנסטו זיך צו אים גלייכן? וואָס איז ער — אַ מענטש? ס'איז דאָך אַ אינגל, אַ מזיק, אַ פּוסטאַפּאַסניק . . . איז וואָס איז דאָ אויף אים צו קוקן? פּע, דו וואָלסט זיך שעמען, נישט שיין אַפילו, וואָס דו טראַכסט וועגן דעם. גיי מאַך בעסער דיינע אוראָקעס. —

— איך האָב זיי שוין געמאַכט, איך קען זיי אויף אויסנ־וויניק. —

מיט אַ פאַרביטערט האַרץ גיי איך אַוועק.

אין אַ יאָר אַרום שטיי איך ווידער צו.

— וואָס, ווייטער קאָנקעס? ס'ט ביי מיר כאַפּן אַ מיאוסן פּסק מיט דיינע קאָנקעס! איין מאָל פאַר אַלע מאָל, דו זאָלסט עס אַרויסוואַרפן פון קאָפּ, דו הערסט? —

— מאַמע, היי־יאָר גליטשן זיך אַלע חברטעס פון קלאַס.

— וועלכע חברטעס? זיי נישט קיין עקשן! וועסט זיך נאָך צעקלאַפּן דעם קאָפּ און די פיס אין מיטן גאַס, פאַלסט אַזוי אויך אויף יעדן טראָט. —

— מאַמע, אָבער ס'איז דאָ אַ קאַטאָק! —

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש היי־יאָר מיט די קינדער? נאָך וואָס, קאַטאָק! כ'וויל אַפילו פון דעם נישט הערן! ווי קומט עס דיר אין קאָפּ גליטשן זיך מיט אַלע צע־לאָזענע אינגלעך? —

אָבער איך האָב פאַרט אויסגעפירט. דער מאַמען איז דער־עסן געוואָרן האָבן מיט מיר צו טאָן. און מע האָט מיר געקויפט אַ פּאָר נייענקע, בלישטשענדיקע קאָנקעס. נישט געקאָנט זיך אָנקוקן אויף זיי!

מע רופט זיי „סנעגוראָטשקעס". פון זייער שאַרפן ניקל בלאָזט אַ קעלט. ווי מען גיט זיי נאָר אַ טאַפּ, ווערט קאַלט אין האַנט. און בלישטשען בלישטשען זיי ווי שפּיגל.

— דו וועסט זיך דאָך אויסדרייען די פּיס ! זעסט, ווי די נעז פון די קאַנקעס זיינען פאַרדרייט ? —

אַבראַשקע איז מיך מקנא. אים איז מיאוס געוואָרן צו גליטשן זיך אויף איין פאַרזשאַווערטע קאַנקע, שרעקט ער מיך.

און ביי מיר דרייט זיך טאַקע שוין דער קאָפּ, ווי וועל איך זיך אויף זיי אַוועקשטעלן ?

— ר׳ לייזער, — לויף איך אַריין צו דעם שוסטער, — כ׳האָב קאַנקעס, אָט איז אַ שליסל, מיט אים קאָן מען צושרויפן די קאַנקעס צו די שיך. —

דער אַלטער שוסטער טוט אַ הויב זיין פאַרוואַקסענעם קאָפּ פון ווערקשטאַט, שפּייט אויס פון מויל די הילצערנע טשוועקלעך און גיט אויף מיר לאַנג אַ קוק פון אונטער זיינע שפּאַקולן.

— די מאַמע ווייס ? וועסט דאָך אַוועקפּאַטערן די שיך ! —

— אַוודאי, ווייס זי. —

דער שוסטער גיט אַ ציי מיט די פּלייצעס.

— גיב אַהער די שיך ! —

און מיינע שיכלעך שטעלן זיך אָן, ווי אַ היטעלע, אויף דעם הילצערנעם קאָפּ, אויף וועלכן ס׳איז פריער געשטאַנען דער שטיוול.

דער שוסטער לעכערט אוים מיינע קאַריקעס. אין יעדן לעכל שטעקט ער אַריין אַ שטיקל אייזן. און די קאַנקעס שרויפן זיך צו מיינע שיך.

— נאַ ! אין וואָס היינטיקע קינדער קאָכן זיך ! —

אַבראַשקע זוכט אַלץ ווי מיך צערייצן. ער מיינט, פון שרעק וואַרף איך אַוועק די קאַנקעס און ער וועט זיי אָנטאָן...

— דיין פוס איז דאָך גרעסער, סיי־ווי וועסטו נישט קאָנען אַריינקריכן אין מיינע קאַנקעס. אָבער דו ווילסט, אַבראַשקע, גיי צו דער מאַמען און בעט ביי איר די פינף קאָפּיקעס אויפן קאַטאָק, וועל איך דיר געבן אַ גליטש טאָן אויף מיינע קאַנקעס.

— וואָס עפּעס איך? דו ביסט דאָך אַ געפּיעסטשעטע, דיר האָט מען דאָך געקויפט קאָנקעס. —

— אַי, ביסט אַ רשע . . . —

איך ווער ברוגז און לויף אין קראָם אַוועק.

די מאַמע איז פאַרנומען. אַזעלכע נודנע קונים. ווען וועלן זיי אַוועקגיין? און אַז זיי גייען שוין אַוועק, נעמט זיך די מאַמע איינוויקלען די אָנגעוואָרפענע סחורה. זי איז צעטומלט, נאָך נישט אָפּגעקילט פון דינגערייַ. זאָל איך איצט צוגיין? ס'קאָן דאָך יעדע רגע אַרייַנקומען אַ נייַער קונד.

איך הויב זיך אָן שאַרן אַרום דער מאַמעס הויכן שטול.

— וואָס דראַפּעסטו מיר דאָס קלייד? נאָך וואָס ביסטו אַהער געקומען? זעסט, איך בין פאַרנומען. —

— מאַמע, — שטאַמל איך, — איך וואָלט וועלן . . . ס'קאָסט פינף קאָפּיקעס . . . כאָטש איין מאָל גיין אויפן . . . — איך האָב מורא אַרויסרעדן דאָס וואָרט קאַטאָק. אפשר וועט ער זיך ווי עס איז אַליין אַרייַנגליטשן אין דער מאַמעס אויער.

— מאַמע, איך האָב דאָך מייַנע קאָנקעס . . . אויפן הויף וועל איך זיי קאַליע מאַכן . . . —

די מאַמע גיט זיך אַ דריי אויף איר שטול, ווי איך וואָלט אין איר אויסגעשאָסן פון אַ ביקס.

— קאָנקעס, קאָנקעס! וואָס איז דאָס נאָך פאַר אַן אָנשיקעניש! מער האָב איך נישט וועגן וואָס צו טראַכטן, ווי וועגן דייַנע קאָנקעס! קאַליע מאַכן! וועסט זיך צעהרגענען די פיס, אַט וואָס! —

— נישט אויפן קאַטאָק, מאַמע, — כאַפּ איך אונטער. — אויפן קאַטאָק גליטשן זיך אַליין די קאָנקעס. —

— מע קאָן משוגע ווערן פון איר! נעכטן קאָנקעס, הייַנט קאַטאָק, און וואָס וועסטו מאָרגן אויסטראַכטן? —

איך ווייס שוין נישט וואָס צו זאָגן, ווי איינרעדן איר. בלייב איך שטיין הינטער איר שטול.

וואָס האָט זי אַזוי מורא? דער שוסטער האָט דאָך מיר צוגעפּאַסט די קאָנקעס צו די שיך און דער גליטש איז אַזאַ גלאַטער. עס איז דאָך נישט אַזוי ווי אויפן הויף... זאָגן דאָס דער מאַמען?

איך זע, אַ נייער סוחר גייט אין קראָם אַריין.

— נו, פּאַרטיק, — טראַכט איך. — אוים קאַטאָק אויף היינט! — אָבער די מאַמע, ווי זי האָט דערזען דעם סוחר ביי דער טיר, שטופּט זי מיך אָפּ מיט דער האַנט.

— גיי, טשעפּע זיך פון מיר אָפּ. כ'האָב איצט קיין צייט נישט. גיב איר די פינף קאָפּיקעס און זאָל זיין אַן עק! — וואַרפט זי צו אין איילעניש דער קאָסירשע.

איך פאַרכאַפּ גיכער מיינע קאָנקעס, וואָס איך האָב איבער־געלאָזן אין דער הינטער־קראָם. איך האָב מורא, די מאַמע זאָל חרטה האָבן, און לויף גלייך צום טייך. איך פיל נישט מער מיינע פיס אונטער מיר. די גאַס, די הייזער שפּרינגען מיט מיר אינ־איינעם. אַ צעברענטע פון לויפעניש, פון פראָסט, שטעל איך זיך אָפּ ביים טייך.

פון איין הויכן ברעג צו דעם אַנדערן האָט זיך אויסגעבעט אַ מוראדיק גרויסער ליילעך, אָנגעשאָטן מיט שניי.

דער שניי — פאַרפראָרן און עס איז אויסגעטאָפּעט אַ וועג. ס'ציען זיך פורן, שליטנס, פערד. מענטשן, ווי שוואַרצע פּינטע־לעך, גייען אַריבער פון איין זייט שטאָט צו דער אַנדערער.

איך גיי אַרויף אויפן אייז פאַמעלעך. אָבער מיט אַמאָל ברעכט אוים די מוזיק אויף דעם קאַטאָק.

— קום, קום! — טרעשטשען זיינע באַראַבאַנען, רופן, ציען מיך, און אַ פאַרסאָפּעטע לויף איך צום גליטש.

דער גליטש באַהאַלט זיך הינטער אַ וואַלד מיטביימער. קורצע, אויסגעהאַקטע יאָלקעס צאַמען אים אָפּ פון אַלע פיר זייטן. פאַרפראָרענע, מיט די פיס טיף איינגעגראָבן אינעם שניי,

שטייען זיי פאַרטראַכטע און האַלטן קוים אונטער זייערע צווייגן, פאַרשאָטענע מיט שניי.

אין דער לופטן הענגען, אַנגעצווינגן אויף דרעטלעך, גרינע, רויטע פּאַפּירענע לאָמטערלעך. פון קעלט און ווינט וויגן זיי זיך און שאָרכען. די מוזיק שפּילט און שפּילט. מענטשן דרייען זיך, טאַנצן, ווי אין אַ טאַנץ-זאַל.

אַ פאַרכאַפּטע, גיי איך צום טירל צו. אַ רעדל שקצים האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די ביימער, און ווי פייגלען, סווישטשען זיי און רייצן זיך מיט יעדערן, וואָס גייט אויף דעם גליטש אַרויף. פון קנאה, וואָס זיי אַליין קאָנען זיך דאָרט נישט גליטשן, לאַכן זיי אַלעמען אויס.

— זעסט, אַזאַ האָט אויך קאָנקעס! זי קאָן זיך אַפילו נישט אַ גליטש טאָן! — פּייפן זיי אויס אַלע אינאיינעם אין מיין זייט.

וואָס, זיי האָבן שוין געזען נאָך מיין נאָז, אַז איך קען זיך נישט גליטשן? איך ווייס נישט וואו זיך אַהינצוטאָן. כאַפּ איך נעם און לויף אַוועק אַהיים. דער וועג צווישן די שקצים סטראַשעט מער ווי דער בלישטשענדיקער אייז.

— האַיום! — קומט מיר צו הילף דער באַלעבאָס פונעם גליטש און פאַרטרייבט די שקצים.

איך הער ווי דער אייז סקריפּעט אונטער די פיס. ער בלישטשעט, ווי אַ שפּיגל. אינגלעך, מיידלעך רייטן אויף די קאָנקעס, לאַכן, שניידן אויס דעם אייז, ווי מיט מעסערס. איך קוק אויף זיי, ווי אויף כישוף-מאַכערס. כ'ווער שיכור פון זיי, פון זייער געלעכטער.

איך לויף אַנטאָן מיינע קאָנקעס. ווי מיט פאַרבונדענע פיס שטעל איך זיך אַוועק אויף דעם הילצערנעם בריקל, וואָס פירט צום גליטש, קוק אין זיינע שפּאַלטן, פון וואַנען עס בלישטשען אַרויס שטיקלעך אייז.

פּלוצים, ווי ער וואָלט געהאַט אויף מיר רחמנות, לויפט צו

מיר צו אַ אינגל, דרייט זיך אויס אויף זיינע קאָנקעס, ווי אין אַ רעוועראַנס, און שטופּט צו מיר צו אַ ברייטן, גליטשנדיקן שטול.

— איר ווילט? איך וועל אייך פירן שפּאַצירן! —

נאָך איידער אַ טראַכט געטאָן, פאַל איך אין דעם שטול אַריין. דער אינגל גיט אַ שטאָך דעם אייז, אַ צי דעם שטול און רייסט אים אָפּ פון אָרט. זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן גליטש. אין איין רגע בין איך שוין פאַרפאָרן אויף דער אַנדער זייט גליטש. דער אינגל טראָגט זיך. דער שטול שפּרינגט אונטער מיט מיר אינאיינעם. מיר דוכט זיך, דער אינגל וויל אַריבער־וואַרפן דעם שטול איבער די יאָלקעס און מיך אַרויסוואַרפן אויפן שניי. מיטאַמאָל, קערט ער זיך אום צו מיר און לאַכט.

— משוגענער, גענוג! איך וויל נישט מער . . . —

גיט ער אַ ריב דעם אייז, שטעלט אָפּ דעם שטול, און גיט אים אַזוי אַ הויב, אַז איך שטעל זיך אַליין אַנידער אויף דעם אייז.

— אַהאַ, איצט גליטש זיך! — לויפט ער מיט אַ געלעכטער פון מיר אַוועק.

אינגלעך, מיידלעך טראָגן זיך פאַרביי, לאַכן, בליצן מיט די ציין, ווי זיי וואָלטן מיך פאַרוואַרפן מיט קייקלעך שניי. איך לאָז זיך נאָך זיי. מיר ווערט אַזוי היים, ווי דער אייז וואָלט ברענען אונטער מיינע פיס. אַ היץ, דוכט זיך, גייט אַפילו פון די יאָלקעס. זיי האָבן זיך צעוויגט, דאַ זינקען זיי אין שניי אַריין, דאַ — וואַקסן זיי מיט אַמאָל אויס, בויגן איין זייערע שנייאיקע לאַפּעס און בלאָזן מיר הופּקעס שניי אין צורה. שפּריצן שטעכלעך אייז. ווי אַ פאַריאָגטע לויף איך איבער דעם גליטש. און אָט פאַרשטעלט מיר דעם וועג אַ לעבעדיקע קייט פון אַ צענדליק פליענדע אינגלעך. עמעצער פאַרכאַפּט מיך, פאַרשלינגט מיך אין דער קייט. די קייט ציט זיך אויס, פאַרלויפט דעם גליטש. צענדליקע פיס טרייבן, יאָגן אונטער. דאַ וויקלט זי זיך איין, ווי אַ פאָדעם, דאַ קייקלט זי זיך פאַנאַנדער, שווימט ווי אין וואַסער.

און מיט אַמאָל בלייבט שטיין יענער, וואָס איז געווען אַז דעם שפּיץ, און פאַרדרייט די גאַנצע קייט, ווי אַ שלאַנג אַרום זיך. דער לעצטער, וואָס איז אויף דער „קאַמטשאַטקע", פליט אָפּ אין דער לופטן און שטעלט זיך אָפּ.

ווי אַ שיכורע שלעפּ איך זיך צוריק אַהיים מיט די קאַנקעס אויף די פּלייצעס.

ס'ברעכן די ביינער. די פיס ווי קלעצער. דער טייך, די גאַסן — זיך צונויפגעמישט. ס'איז אַזוי ווארעם. אָבער אין קאָפּ טראָגט זיך נאָך אַ ווייסער חלום.

# אָוונט

נאָך וואַרעמעס צעגייען זיך אַלע. ס'פּאַלט אַן אַן אומעט אין שטוב. שפּעט אין אָוונט קומען די ברידער איינציקווייז פון גאַס. דער טאַטע זיצט און טרינקט טיי. ווי ער דערהערט, אַז די טיר עפנט זיך, גיט ער אַ הייב דעם קאָפּ און פרעגט:

— וואו ביסטו געווען?

— ערגעץ נישט.

גיט דער טאַטע ווייטער אַ זופּ און שטעלט אַן אַנדער פראַגע:

— וועמען האָסטו געזען?

— קיינעם נישט.

דעם טאַטנס קול הייבט זיך:

— וואָס־זשע האָסטו געטאָן?

— גאָרנישט.

די ברידער קוועטשן מיט די פּלייצעס. דער טאַטע, ווי אַ שולדיקער, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, גיט שטיל אַ זופּ און ווערט אַנטשוויגן. פּאַמעלעך גייען דורך די ברידער דעם עס־צימער. קוים צוגעמאַכט די טיר, גיבן זיי זיך אַ לאָז איבער די טרעפּ און שטופּן זיך אַלע אין זייער קעלער־צימער אַריין. דאָ איז מען פריי. ווייט פון קראָם, פון די עלטערן, הייבן זיך די ברידער אָן צו קריגן. יעדערער מאָנט וואָס ביי דעם אַנדערן.

— וואו האָסטו אַהינגעטאָן מיין „טעטראַדקע"? איך דאַרף מאַכן די „אוראָקעס"!... איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט מעקן אין מיין העפטל.

— און אז דו לייענסט מיין ביכל, פאַרשמירסטו אים מיט די פינגער. דו וואָלסט כאָטש אָפּוואַשן די הענט פון די „פּיראָזשנעס“, וואָס דו האָסט ערשט אויסגעלעקט.

— אַי, טשעפּע זיך אָפּ! — גיט איינער אַ זעץ דעם אַנדערן אין אַ זייט, גיט זיך אַ רים אַן אַרבל. דאָס ביכל פאַלט פון די הענט אַרויס. די ברידער גיבן זיך אַ יאָג איבערן צימער.

איך וויים נישט וואו צו באַהאַלטן זיך. איך שלאָג זיך אָפּ אַן די אייזערנע בעטלעך. לויפט אַ ברודער דורך און גיט מיר אַ קנייפּ.

— משוגענער, וואָס בין איך שולדיק? איך האָב זיך ניט צוגערירט צו דיינע ביכלעך!

— און וואָס פּלאָנטערסטו זיך אונטער די פיס?

מיטן שפּיץ שטיוול שטופּט מען מיך אָפּ ווי אַ וואָלענע קייקל (איך בין טאַקע אַנגעטאָן אין וואַטע און אין וואָל פון קאָפּ ביז די פיס).

אין צימער איז קאַלטלעך. שמאָלע בעטלעך צוגערוקט ענג צו די ווענט. אַ הוילער טיש פאַרשפּריצט מיט טינט. די העלע וואַנט אויסגעהאַקט מיט צוויי גרויסע פענצטער. די שויבן טיף פאַררוקט פון די ברייטע אונטערפענצטערס. אין זיי קוקן אַריין צוויי טיף-אויסגעהאַקטע גריבער, אַן ליכט, ווייל די פענצטער גייען ניט אויפן גאַס אַרויס. זיי זיינען ווי אונטער דער ערד. די „היילן“ זיינען פאַרשטעלט מיט אייזנס, אַז די דורכגייער זאָלן נישט אַריינפאַלן אַהין.

די זון קוקט קיינמאָל נישט אַריין אין צימער. אַפילו אין מיטן טאָג, ווען אויבן אויפן גאַס איז היים און ליכטיק, איז ביי אונדז פינצטערלעך. אויב עס פאַלט ווען דורך אַ פּאַס ליכט צווישן די אייזנס, ווערט ער גלייך אָפּגעשמירט פון אַ שאָטן, וואָס קריכט אַרויס פון אונטער די פיס פון אַ דורכגייער. גייט דורך אַמאָל אַ קינד, פאַלן אַריין זיינע שיכעלעך צווישן די שמאָלע אייזערנע רעמלעך.

ווילט זיך גאָר נישט פאַרקריכן אויף אַזעלכע אונטער־פענצטערס. און וואָס איז דאָ וואָס צו זען? — פייכטע ערד און אויף דער ערד איז אַלע מאָל וואָס אַנגעוואָרפן. אַ דורכגייער וואַרפט אַהין אַריין אַ פונקענדן פּאַפּיראָסל. אַמאָל גיט מען אַהין אַ שפּיי. פאַרנאַכט איז גאָר מוראדיק צו קוקן אין די בלינדע פענצטער.

— מאַך צו די לאָדנס, דו ווילסט? — בעט איך זיך.

ביידע זייטן לאָדנס קומען זיך צונויף און מאַכן זיך צו ווי אַ טויער. מען שטעקט אין זיי אַריין, ווי אַ שווערד, אַ לאַנגן שוואַרצן אייזן. מען פאַרשרויפט אים אָן אַ זייט. אַנשטאָט די פענצטער וואַקסט אויס אַ שטומע וואַנט.

— צינדט אָן דעם לאָמפּ. וואו איז דער לאָמפּ?

— וואָס זעסטו נישט, סאַשע האָט אים צוגענומען אין דער פרי אָנגיסן קעראָסין.

— איז צינד אָן די הרובקע!

דער ווייסער קאַכל־אויוון שטייט אָנגעפילט מיט האָלץ. לאַנגע בערווענעס ליגן איבערגעלייגט איינס אויפן אַנדערן. צווישן זיי שטעקן אַרויס שטיקלעך בעריאָזע־קאָרע. די ברידער ציען זיך אויס אויף דער ערד. איך פאַרקריך צווישן זייערע פיס. טשיק! — אַ צעפלאַקערט שוועבעלע צינדט אָן די קאָרע. צו־ערשט פאַרלויפט אַ רויך און גלייך שפּרינגט אַרויס אַ ריין פייערל. די קאָרע צעקאָרטשעט זיך. גייט אויס. דאָס פייערל קריכט איבער די בערווענעס, גיט אַ לעק, זופּט אויס די נאַסע טראָפּנס. די בערווענעס הייבן אָן קנאַקן און קרעכצן, שפּאַלטן זיך, פאַלן איין, גיבן זיך איבער דעם פייער. דאָס פייער צעבלאָזט זיך. עס לעקט און פרעסט די קלעצלעך. זיי ווערן דין ווי שפּענדלעך. פון אונטן בלישטשען רויטע קוילן, בלויע צינגלעך פייער לויפן נאָך און באַלויכטן די ברידערס פּנימער מיט בלויע שאָטנס.

— אבראשקע! גיי ברענג פון קיך אַ פּאָר בולבעס, מיר וועלן זיי אָפּבאַקן אויף די קוילן!

אבראשקע גיט אַ שפּרונג.

— און בעט שוין אויך ביי חוהן אַ הערינג! מיר וועלן אים אָפּבאַקן!

מיט צעהיצטע פּנימער זעצן מיר זיך אַרום אויוון און שאַרן מיט אַן אייזן. גליענדיקע קוילן ברענען אונדז די אויגן.

— אהאַ! חוה האָט דיר געגעבן אַזאַ גרויסן הערינג!

— י־יאַ, גיי וואַרט אויף איר?! איך האָב אַליין אַרויס־געשלעפּט פון סלוי.

די גרויסע בולבעס וואַרפן זיך אויף די קוילן. זייער שאָלעכץ צעקנייטשט זיך אין איין רגע. דער הערינג לייגט זיך אויס ווי אַ שלענגל. צעפּלאַמט זיך. זיין עקל פאַרדרייט זיך. זיין שמאַלץ שיפּעט. און אַז דער הערינג ווערט שוואַרץ און טרוקן, בלאָזן מיר אויף די פינגער און שלעפּן אים פאַמעלעך אַרויס פון אונטער די קוילן. מיר קייען. מיט אַמאָל גיט אַ בלאָז — ס׳עפנט זיך די טיר.

— וואָס טוט איר דאָ אין דער פינצטער?

סאָשע לויפט אַריין, גיט אַ שאָרך מיט אירע קליידלעך. אין אירע הענט וויגט זיך אַן אָנגעצונדענער לאָמפּ. ער שפּריצט מיט פייער און שמעקט מיט קעראָסין. פון לאָמפּ, פון סאָשעס גע־בלימלט קליידל, פון אירע צעפּלאַמטע באַקן, ווערט פריילעך און ליכטיק אין צימער.

— נו, שטייט אויף, קינדער! אוודאי האָט זיך שוין אויס־געברענט דער אויוון. לאָזט מיר אים צומאַכן. די היץ וועט אַוועק.

סאָשע שטופּט אונדז פאַנאַנדער. מיט דער האַלב־אָפּגע־ברענטער לאָפּעטע פאַרשאַרט זי די קוילן. דערנאָך שטעלט זי זיך אַרויף מיט איין פוס אויף אַ שטול און מאַכט צו דאָס אייזערנע טירל. ס׳ווערט גלייך אומעטיק.

וואָס וועלן מיר איצט טאָן? טאַטע־מאַמע זיינען דאָך נאָך אין קראַם.

— באַשוטקע! קום, דו וועסט עפּעס אָפּעסן פריער. דאַרפסט גיין שלאָפן. מאָרגן פרי—אין קלאַס, — שלעפּט מיך סאַשע.

בעסער זיין מיט איר איך קיך ווי אין דעם הוילן צימער מיט פאַרהאַקטע לאָדנס. דאָרטן ברענט כאָטש אַ קליין לעמפּל. ס'איז ליכטיק. פון די ווענט בלישטשען די קופּערנע כלים. אויף די טישלעך — לעבלעך ברויט, אייער, גאָמעלקעס, שיסעלעך, טעלער. חוה פאַרקעט זיך ביים פּריפּעטשיק, רעדט אַלץ. אַפילו אַז זי שטייט מיטן רוקן צו אונדז, הערט זי נישט אויף צו רעדן.

— וואָס ווילסטו, באַשענקע, אויף וועטשערע? אַ קילקע, צי אַ פלינדערקע? — זי וואַרט נישט אויף מיין ענטפער. זי האָט שוין אַריינגעוואָרפן אין זודיקן פּוטער אַ קליינע שוואַרצע פלינדערקע, און ווי עס הייבט אָן צו שיפּען, פאַרגיסט זי חוה מיט אַן איי.

— זע, ווי ער האָט זיך פאַרבאַקט, דיין פיינקוכן! אַ שטיקל גאָלד! — שטעלט זי מיר אונטער אַ טעלער. סאַשע זיצט אַנט־קעגן און קוקט מיר אין מויל אַריין, כ'זאָל אַלץ אויפעסן. זי שטעלט מיר נאָך אונטער אַ טעלערל מיט סמעטענע. איך רייב די אויגן — איך וויל שלאָפן.

מיין צימער איז גרויס און לאַנג, אָבער אַ פינצטערער. דאָס איינציקע ליכט, וואָס גייט אַהין אַריין, איז פון עס־צימער. האָב איך מורא אַ קוק צו טאָן אין דער טיפעניש פון צימער. כ'וויים, דאָרטן שטייען בעטלעך. זייערע פיסלעך און קישנס זינקען אין דער שוואַרצער פינצטערקייט. אַמאָל שלאָפט דאָרטן איבער אַ ברודער, וואָס קומט פלוצלונג צו פאָרן. אַמאָל נעכטיקט איבער אַ סוחר; אַמאָל שלאָפט דאָרטן דאָס לערן־אינגל פון קראַם, וואָס איז ביי אונדז אויף קעסט.

איך גיי די ערשטע שלאָפן. איך דעק זיך איבער מיט די קאָלדרעס איבערן קאָפּ. איך האָב מורא זיך אַ קער צו טאָן צו

דעם פינצטערן ווינקל. ביז איך שלאָף איין — זשומעט מיר דער הענג-לאָמפּ פון עס-צימער. שפּעט אין דער נאַכט עסט מען דאָרט וועטשערע. איך הער ווי גאָפּל-מעסער קלאַפּן זיך אָן די טעלערס. איך דרעמל און הער: אַט עסן אַלע אָפּ די פּלינדער־קעס, אַט פאַרטרינקען זיי מיט אַ גלעזל קאַווע. אַט שטעלט זיך אוים די קעכין אין טיר. זי האַלט אַ לאַנגע רשימה אין האַנט. זי שטייט און וואַרט ביז די מאַמע גיט אויף איר אַ קוק.

— נו, חוה, וואָס ווילסטו?

די מאַמע דערמאַנט זיך, אַז אויסער דער קראָם איז נאָך דאָ אַ שטוב.

— נו, ווייז דיין צעטל, וואָס האָסטו אויסגעגעבן?

חוה דערלאַנגט אַ לאַנגן אויסגעשריבענעם פּאַפּיר און הייבט זיך אָן צו שווערן, אַז אַלץ איז זייער טייער און — ווי ביליק זי האָט אַלץ געקויפט. די מאַמע ווייסט נישט די מקחים. זי איז קיינמאָל אין מאַרק נישט געגאַנגען. נאָר זי טענהט איין זאַך: „טייער, אַלץ איז טייער.“ חוה שווערט זיך, קלאַפּט זיך אין האַרצן... איך שלאָף איין.

מיט אַמאָל כאַפּ איך זיך אויף. אַ קאַלטער שווייס האָט זיך אויף מיר אַ גאָס געטאָן. איך הער זיך צו: ס'איז שטיל אין עס-צימער. אַלע שלאָפן.

מיר דוכט זיך: עפּעס האָט אַרויסגעפינקלט פון דער פינצטער. אַ סקריפּ פון בעטל האָט מיך אויפגעוועקט. איך גיב אַ הייב דעם קאָפּ פון אונטער די קאָלדרעס. איך הער אַ טראָט. חלומט זיך עס מיר?

מיט אַמאָל שטעלט זיך אוים פאַר מיינע אויגן אַ ווייסער טייוול. זיינע פיס פאַרשווינדן אין דער פינצטער. לאַנגע ווייסע הענט פאַלן אַראָפּ און אין מיטן בלאָזט זיך אַ ווייסער זאַק. איך פאַרשטיק זיך אין די קאָלדרעס. דאָס איז דאָך דאָס אינגל, אונ־דזער לערן-אינגל. וואָס וויל ער? ווי אַזוי איז דאָס אינגל לעבן מיין בעטל? איך האָב אים קיינמאָל נישט געזען אין צימער

אַן אויסגעטאַנענעם. איך שרעק זיך פאַר זיין לאַנגן העמד. איך וויל אַ געשריי טאָן. וואַרפט זיך דאָס אינגל צוריק אַוועק אין דער פינצטערניש. איך הער בלויז ווי זיין בעטל גיט אַ קרעכץ.

איך שלאָף שוין נישט מער איין. איך קוק, צי ס׳רירט זיך נישט זיין קאָלדרע. איך האָב מורא אַ געשריי צו טאָן. איך וועל דאָך אַלעמען אויפוועקן.

איך וואַרט קוים איבער די נאַכט.

— מאַמע, מאַמע! דו ווייסט וואָס איז געווען ביינאַכט דער...

— וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייטן! אַזאַ גרויסע מיידל... ווי שעמסטו זיך גאָר נישט אויסצוטראַכטן אַזאַ בלבול? גיי, טו זיך גיכער אָן און גיי אין קלאַס...

מיט פאַרביסענע ליפּן הייב איך אָן מיין טאָג.

# אַראָנ׳ס חתונה

דער איינציקער ברודער, וואָס פלעגט מיר מאַכן צאַצקעס, איז געווען אַראָן.

ער האָט געהאַט אַ פיין שטיל פנים, ווי ער זאָל טראָגן אין זיך אַן איינגעשלאָפענעם טרוים. ער האָט אַפילו מורא געהאַט דעם חלום אויסצוזאָגן פאַר זיך אַליין.

זיינע לאַנגע דינע פינגער האָבן אַלץ געזוכט וואָס אויסצודרייען. פון ברויט האָט ער געקנאָטן אַלערליי חיות און פייגל. פון זילבער־פאַפיר האָט ער געקאָנט אויסשערן קעלישקעס, בעכערס, בוטעלן.

מיט אַ קעמעלע צו די דינע ליפן, איינגעוויקלט אין פּליס־פּאַפּיר, פלעגט ער אויסשפּילן פיינע ניגונים.

איינמאָל אַ פּרייטיק פאַרנאַכט האָט אַראָן אַ זאָג געטאָן דער מאַמען, אַז ער האָט אַ כלה. איז געוואָרן אַ טומל אין שטוב. נישט נאָר איך, אַפילו די מאַמע איז געווען איבעראַשט.

אַ פאַרנומענע אַ גאַנצן טאָג אין קראָם, האָט זי נישט קיין צייט צו טראַכטן, אַז די קינדער דאַרטן ערגעץ אין שטוב וואַקסן און אַז זיי זיינען שוין אַפילו אויסגעוואַקסן. טראַכטן וועגן זייער לעבן איז איר נישט איינגעפאַלן. ווייל די קראָם איז געווען פאַר איר דאָס גאַנצע לעבן, און אויב עס איז אַזוי פאַר איר, דאַרף עס זיין אויך פאַר די קינדער.

אַראָן איז געווען דער איינציקער פון אַלע ברידער וואָס איז געבליבן אַרבעטן אין קראָם. ער וואָלט שוין פאַרביטן דעם טאַטן

און געפאָרן אליין נאָך סחורה. דער טאַטע האָט אָבער פאָרט ניט אויפגעהערט צו קוקן אויף אים ווי אויף אַ אינגל.

אַז אַראָן פלעגט קומען אַן אויסגעמאַטערטער פון וועג, זוכנדיק דאָ און דאָרטן אַלץ בעסערע סחורות, האָט דער טאַטע אָנשטאָט אַ „גוט-מאָרגן", אים אַ וואָרף געטאָן אונטער דער נאָז:

— כ'וויים, דו ביסט דאָך אַ קליין קעפּעלע, וואָס האָסטו דאָרטן אויפגעטאָן אין מאָסקווע? געקויפט זיך אַ נייעם הוט?

נאָר אַז דער זעלביקער אַראָן האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן, אַז ער איז גאָר אַ גרויסער און וויל אַפילו חתונה האָבן, האָט מען דעם פריייטיק פאַרנאַכט זיך צוגעהערט צו אים מיט נייע אויערן.

דער טאַטע האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ערנסט. אַנטקעגן אים זיצט שוין ניט קיין אינגל, וואָס מען קאָן זיך פון אים אָפּטשעפּען מיט אַ וואָרט.

איז דער טאַטע געבליבן זיצן שווייגנדיק. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן — ווער איז אייגנטלעך די כלה? ווער זיינען אירע עלטערן?... אַז דער טאַטע האָט דערהערט, אַז זי שטאַמט פון דווינסק, און אירע עלטערן האָבן אויך אַ קליינעם זילבער-געשעפט, איז עס דעם טאַטן עפּעס ניט געפעלן געוואָרן. אין אַלע קליינע זילבער-געשעפטן האָט ער געזען קאָנקורענטן.

איר יחוס האָט אים אויך גאָרניט געזאָגט. זיי זיינען נישט פון לובאַוויטש, פון זיינע חסידים. נאָר אַז דער באַברויסקער רבי איז מסכים געווען אויף דעם שידוך, האָט מען זיך גענומען גרייטן צו דער חתונה.

די חתונה האָט געדאַרפט זיין ביי דער כלהס עלטערן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן, אָנגעהויבן נייען קליידער.

די מאַמע האָט זיך אַלעמאָל פיין אָנגעטאָן. צו אַראָנס חתונה האָט די מאַמע באַשטעלט פאַר זיך אַ ניי קלייד און אויך פאַר מיר אַ קלייד ביי דער ערשטער שניידערקע פון שטאָט. דאָס איז געווען אַ פּוילישע פּריצטע, אַ פרוי פון עפּעס אַ גענעראַל.

וואָכן לאַנג האָט געדויערט ביז די קליידער זיינען פּאַרטיק געוואָרן.

אין די דריי דרייענדיקע שפּיגלען פון דער שניידערקע האָט די מאַמע אויסגעזען ווי אַ בילד. אַ פאַרחלומט, טונקל וויינ־קאָלירט קלייד פון ווייכע טאַפּעטאַ־זייד, וואָס האָט גערוישט ווי אַ ווינט, ווען די מאַמע האָט זיך בלויז אַ ריר געטאָן. אויבן און אונטן איז די קלייד געווען באַלייגט מיט אַלט־פאַרגילדטע ברייטע שפּיצן.

ברייט און לאַנג איז געווען דאָס קלייד. מען האָט אַפילו נישט געזען די מאַמעס שיך. פון הינטן האָט עס זיך אויסגעצויגן אין אַ שמאָלן „שלעפּ", וועלכן די מאַמע האָט געקענט מיט איין מאָל אַרויפוואַרפן אַרום אַ ליליע־סאַמעט בענדל און אַרומרינגלען מיט אים איר האַנט.

זי האָט אויך געקענט גלייך אָנטאָפּן אַ פּיצינקן נאָזטיכל — גאַנץ פון זילבער־שפּיצן.

און כאָטש די אייזערנע שראַנקען און די גלעזערנע שופלאָדן אין קראָם האָבן זיך געבראָכן פון גאָלד און איידל־שטיינער, האָבן אין דער מאַמעס קליינע אויערן געבלישטשעט ווי קינ־דערשע אייגעלעך נאָר צוויי קליינע ווייסע בריליאַנטן.

עפּעס ווי אַ צווייגל — געדיכט באַשאָטן מיט קלענערע דיאַמאַנטן — האָט זיך אַ בראָשקע רואיק אויסגעלייגט ביי איר אויף דער ברוסט.

מיין נײַ קליידל איז געווען פון אַ העל אַפּריקאָסן־פאַרב. דער האַלדז און אַרבל אָפן. אָבער ווי די הויט מיינע איז געווען פון זעלבן קאָליר ווי דאָס קלייד, האָט זיך מיין נאַקעטער האַלדז און מיינע הענט נישט געוואָרפן אין די אויגן. נאָר אין מיטן קלייד האָט געברענט ווי אַן אונטערגעגאַנגענע זון — אַ ברייטער זיידענער גאַרטל. דאָס קלייד איז געפאַלן אין ווייכע פאַלדן כמעט ביז די פיס, און דאָך האָבן זיך געזען מיינע שוואַרצע גלאַנצנדיקע שיכלעך און אַפילו אַ שטיקל פון די העלע זאָקן. אין די פאַנאַנדער־

געלאַזענע האָר האָט געשיינט אַן אויסגעברייטערטער העלער באַנד פון דעם זעלבן זייד ווי דאָס קלייד.

אַז מ׳האָט געבראַכט אַהיים אונדזערע ביידע חתונה־קליידער, איז שוין דער גרויסער געפּלאַכטענער קאָרב געשטאַנען און געוואַרט אויף זיי. מ׳האָט זיי פּאַרזיכטיק אַרויפגעלייגט גאָר פון אויבן און אַזוי האָבן זיי זיך דאָרטן אויסגערוט, האָבנדיק אונטער זיך גאַנצע עטאַזשן פון שוואַרצע אַנצוגן פאַר דעם טאַטן, פאַר דעם חתן און פאַר די אַנדערע ברידער.

דאָס איז געווען מיין ערשטע לאַנגע רייזע. אויף מאָרגן, פאַר דער חופּה, אָנגעטאָן אין מיין ניי קלייד, האָט זיך מיר געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דער כלה, איידער זי גייט אַרוים אַן אָנגעטאָנענע.

די כלה — אַ יונגע, אַ שטאַרקע, אַ גאַנץ דיק מיידל. אירע פולע ברוסטן האָבן זיך געשפּאַרט פונעם קלייד. אירע אויגן — איינס אַ ברוינס, ס׳צווייטע אַ העל־גרויע.

מיין טאַטע האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ גרויסער חסרון.

אַז איך בין אַריין אין צימער, וואו מען האָט זי אָנגעטאָן, האָב איך זיך געוואונדערט, ווי שעמט זיך ניט די כלה צו בלייבן כמעט אַ הוילע פאַר אַלעמען אין די אויגן. איך בין געשטאַנען און געקוקט ווי מ׳האָט אויף איר אָנגעטאָן דאָס ווייסע קלייד. זי האָט אויסגעזען נאָך דיקער ווען מען האָט צוגעשפּיליעט צו אירע אויפגעבלאָזענע האָר דעם לייכטן דורכזיכטיקן שלייער.

איך בין געשטאַנען ביי דער כלה־שטול און געוואַרט מיט אַלעמען צוזאַמען. ווען גייט זי אַרוים? די ליכטלעך, וואָס מיר אַלע מיידלעך האָבן געהאַלטן אָנגעצונדענע אין די הענט, האָבן שוין וואַרעם באַלויכטן איר וועג.

אַז זי איז געזעסן אויף איר טראָן־שטול, אַרומגערינגלט פון אירע שוועסטער און אייגענע, האָב איך אָנגעהויבן צו קוקן אויף יענער טיר, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען רוקן צו אונדז פּאַמעלעך מיין שטילער ברודער אַראָן, באַגלייט פון דעם טאַטן, פון דער כלהס פּאָטער און פון אַ מנין אידן.

האָב איך שוין מער אויף דער כלה ניט געקוקט. דאָס גע־זיכט פון מיין ברודער האָט אָפּגעשטעלט מיינע בלוטן. איך האָב מיט אַמאָל דערזען ווי זיין בלאָס פּנים ווערט נאָך בלאַסער. נאָך עטלעכע טריט שטעלט ער זיך פּלוצלונג אָפּ. די כלה האָט שווער פאַרוואָרפן איר קאָפּ אויף דעם רוקן פון איר טראָן־שטול. זי חלשט. די אַרומיקע הויבן זי אָן מונטערן. מיר זיינען געבליבן שטיין מיט אָפּגעשטעלטע הערצער.

די כלה האָט זיך אויפגעכאַפּט און אַראָן, מיט טרייסלענדיקע הענט, איז צוגעגאַנגען זי באַדעקן.

— מזל־טוב, מזל־טוב! זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה! — האָט מען אויסגעשריען נאָך העכער ווי אַלעמאָל.

איך בין צוגעלאָפן צום טאַטן, בין אַרויפגעפאַלן אויף זיינע פּלייצעס און האָב געמישט מיט זיינע וואַרעמע טרערן מיינע אייגענע.

די משפּחה האָט זיך צעגאָסן אין געוויין.

— גאָט וויים, וואָס וואַרט אויף אים, אַז פאַר דער חופּה חלשט זיין כלה!

דער כלהס משפּחה, ווי זיך צוזאַמענגערעדט, האָט גע־שמייכלט, און אָנגעהויבן מכבד זיין די געסט.

די קלעזמער האָבן אויסגעשפּילט דעם ערשטן טאַנץ...

# פרימאָרגן

— באשוטקע, שטיי אויף! ס׳איז שוין שפעט! — גייט צו סאָשע, די דינסט, צו מיין בעטל און טאָרעט מיך אין דער פּלייצע.

איך גיב אַ ציי די קאָלדרע איבערן קאָפּ און דריי זיך אום צו דער וואַנט. די אויגן פאַרקלעפּט, איך זע גאָר נישט.

— ס׳איז דאָך נאָך פינצטער! —

— וואָס רעדסטו, באַשוטקע? די מאַמע איז שוין לאַנג אין קראָם. דער טאַטע דאַוונט שוין! קום, שטיי אויף, כ׳וועל דיר אויסבאַרשטן די האָר. שפּעטער וועל איך נישט האָבן קיין צייט!

— געכטן האָסטו מיר מיט דיין שאַרף קעמל צעקראַצט דעם קאָפּ. כ׳וויל נישט, זאָלסט מיך באַרשטן.

— אָך, זיי נישט קיין נאַרעטשקע! ווי קענסטו אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג מיט פאַנאַנדערגעלאָזטע האָר? מען וועט דאָך זאָגן, ביסט אַ צעלאָזן מיידל. —

— זאָל מען זאָגן, מיר אַרט נישט. —

— אָך, באַשוטקע, קום, וועסט זען, היינט וועט דיר נישט ווייטאָן. —

נעמט סאָשע און גיט אַ כאַפּ מיינע פאַנאַנדערגעפלאָכטענע צעפּ. אַ שטעכעדיק קעמל קריכט אין מיינע האָר אַריין און וויל, ווי מיט אַ שער, אָפּשניידן אַ קליין פאַרפּלאָנטערט קניפל.

— סאָשענקע, גענוג, איך קען נישט מער!

— אָט, אָט בין איך שוין פאַרטיק. איך באַרשט דאָך פּאַמעלעך. מיינסט, ס׳איז אַזוי גרינג? אַ קאָפּ, ווי ביי אַ שעפּסל.

זי גיט אַ שפּיי אין האַנט, נעצט צו די הערעלעך, וואָס קריכן מיט די קרייזלעך אין דער הויך.

— גזלן! — דריי איך זיך פון אירע הענט אַרויס.

אויף מיין רוקן וויגן זיך צוויי האַרט-איינגעפּרעסטע צעפּ, צוגעבונדן איינע צו דער אַנדערער מיט אַ קאָלירט שלייפל.

אין עס-צימער איז דער סאַמאָוואַר נאָך אַלץ אויפן טיש. טאַטע-מאַמע שטייען אויף פרי. דער טאַטע — צו פאַרכאַפּן די שטילקייט פונעם פרימאָרגן, ווען ער קען רואיק אַריינקוקן אין אַ ספר. בעסער, טראַכט ער, זיך צולייגן אָפּרוען אויף אַ שעה בייטאָג. און די מאַמע מיינט, אַז זי האָט איבערהויפּט קיין רעכט נישט צו רוען. אַלץ ליגט אויף איר קאָפּ: די קינדער, די קראָם, די שטוב, די אָנגעשטעלטע פון דאָ, פון דאָרטן. זי שלאָפט קוים איבער די נאַכט.

אָבער די ברידער — יעדער שטייט זיך אויף, ווען עס פאַרווילט זיך.

דאָס גאַנצע לעבן האָט די מאַמע געחלומט, מיר זאָלן ווערן מיט לייטן גלייך און אויפשטיין פרי.

— ווען איר וואָלט אויפשטיין פריער, — האָט געטענהט די מאַמע, — וואָלט איר נישט געווען אַזעלכע פּויליאַקעס. איר וועט דאָך אַזוי פאַרשלאָפן אייער גאַנץ לעבן!

וואָס איז דאָ צו פאַרשפּעטיקן?

דער סאַמאָוואַר קאָכט פון אין דער פרי אָן. הערט ער אויף צו קאָכן, הייסט מען סאַשען אונטערלייגן הייסע קוילן. האָט מען אַלע מאָל אַ הייסע גלאָז טיי.

— סאַשע, וואו איז אַ ריין גלאָז? — סאַשע, ברענג אַ לעפעלע! —

אַליין גיט מען זיך נישט קיין ריר פון אָרט, כאָטש דער בופעט שטייט הינטערן שטול.

— סאַשע, וואָס איז דאָס? מער נישטאָ קיין געבריטע מילך?

אבראשקע, וואָס שטייט אויף דער לעצטער, שטילט זיך נישט איין, ביז מען שטעלט נישט אוועק לעבן זיין נאָז אַ פול קריגל מילך.

אבראשקע שלעפּט אַרוים מיט די פינגער די צוגעברענטע „פּענקע", וואָס ליגט אויבן־אָן, אַ געדיכטע, און שלינגט זי איין מיטאַמאָל און טוט דערביי אַ וואונק צו די אַנדערע ברידער.

ער, אַבראַשקע, איז דער גרעסטער שטיפער אין שטוב.

— מענדל, וואָס איז היינט דאָ צום אָנבייסן?

דער שטילער מענדל גיט אַ צי מיט דער נאָז.

— עפּעס שמעקט מיט צימערינג!

— לאָמיר אָקאָרשט אַ קוק טאָן אויפן פּענצטער!

די ברידער האַלטן אין איין טראַכטן, וואו צו נאַשן. צוויי מאָל אַ וואָך, יעדן דינסטיק און פרייטיק, טראָגט חוה, די קעכין, אַריין אין עס־צימער עטלעכע שוואַרצע בעקנס, פול מיט פלאָדן. יעדער פלאָדן פאַר זיך איז שווער און גראָב־אָנגעשטאָפּט.

— זאָלן זיי זיך אַ ביסל אָפּקילן! — לייגט חוה אוים די פלאָדן פאַרזיכטיק אויפן אונטערפּענצטער.

פון די פלאָדנס גייט אַ פּאַרע. איינער איז אָנגעבלאָזן מער פון די אַנדערע. איינער שוויצט פון דעם געדיכטן מאָן, מיט וועלכן ער איז אָנגעפּאַקט. איינגעקלעפּט אין פּוטער, איז דער מאָן אַריין אין טייג, ווי שוואַרצער זאַמד. דער אַנדערער פלאָדן בלישטשעט אין אַ טייך סמעטענע, וואָס האָט פאַרגאָסן זיין קאָפּ. אינעווייניק איז ער אָנגעשטאָפּט מיט געדיכטן קעז. דער דריטער איז אָנגעפילט מיט שטיקלעך עפּל. פון היץ איז דער עפּל צעקראָכן. רינט אַ געלע זאַפט איבערן גאַנצן פלאָדן.

מיר לעקן די פינגער.

ביז איך גיב זיך אַ קער, פעלן שוין היפּשע שטיקער פלאָדנס. אויפן פּענצטער וואַלגערט זיך אַרויסגעפאַלענע שטיקלעך קעז און מאָן. די ברידער גיבן זיך אַ וואָרף צום אַלמער. דאָרט שטייט אַ גרויסער בלעכענער קאַסטן, אָנגעלייגט מיט דיקע, גראָבינקע

פלעצלעך, איינגעטונקענע אין צימערינג און ראַזשינקעס, און איבער זיי, ווי אַ דינער פאַרפּראַרענער שניי, ליגן לייכטע סוכאַרעס, באַשאָטן מיט מעלצוקער.

זיי כרוסטשען אין די ציין, זיי קלעפּן זיך צו צו די פינגער. דאָס גאַנצע געבעקס קלעקט קוים אויף דער וואָך.

— מע קען פאַר זיי גאָר נישט אָנגרייטן! — כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ די קעכין, ווען זי דערזעט ווי דער ברייטער אונטערפּענצטער ליידיקט זיך אוים. — ממזרים, לאָזט כאָטש וואָס איבער פאַר טאַטע־מאַמע! —

לויפן די ברידער אַרוים קויפן אַ פּאָר גרויסע טערקישע בייגל, אָדער זיי שיקן די דינסט נאָך אַ צענדליק זיסע פּיראָזשנעס צום פּוילישן קאָנדיטער.

— ׳סט מיר געבן אַ פּיראָזשנע? אָדער איך גיי און זאָג אוים דעם רבין, אַז דו עסט טריפהנע געבעקס! — קריגן זיך די ברידער.

אַ חוץ דאָס אייגענע געזינדל, כאַפּט אַמאָל אָן אַנבייסן אַן אָנגעשטעלטער פון קראָם, אָדער אַ סוחר, וואָס קומט פון די אַרומיקע שטעטלעך איינקויפן סחורה. דער סאַמאָוואַר בלייבט שטיין אויפן טיש דעם גאַנצן פרימאָרגן. עס האָבן אויך צייט אַריינצוגיין פון גאַס אָרעמע לייט, וואָס הונגערן זיך אוים, גייענדיק איבער די הייזער פון אין דער פרי אָן.

דורך דער טיר פון קיך זעען זיי: דער סאַמאָוואַר שטייט, און גלעזער, צוקער, אַלץ איז דאָ אויפן טיש. גיבן זיי זיך אַ קראַץ אין רוקן:

— חוה, ווי מיינט איר, — נעמט זיך איינער אָן מיט מוט. — קען איך אַריין אויסטרינקען אַ גלעזל טיי? פון אין דער פרי אָן קיין טראָפּן וואַסער אין מויל נישט געהאַט!

זיין פּנים צעקנייטשט זיך פון מיטלייד צו זיך אַליין.

— מיין דאגה! גייט, זופּט זיך אָן. מיט איין שלימזל מער

אָדער ווייניקער, — באַגלייט זי אים מיט אַן אויסגעקרימטן שמייכל.

דער אָרעמאַן גייט־צו צום טיש, גיט אַ שווענק אַ גלאָז און גיסט זיך אָן טיי.

— רב איד, וויפיל גלעזלעך טיי האָט איר שוין היינט אויס־געטרונקען? — רייצט זיך מיט אים אַבראַשקע.

דער איד קוקט אויפן ברודער פון אונטער זיינע שפּאַקולן: לאַכט דער ברודער, צי ער מיינט עס מיט אַן אמת? פון שרעק שמייכלט דער אָרעמאַן, קערט שיער נישט איבער דאָס שעלכל טיי. ער טרינקט און וועדגט זיך מיטן שטיקל אָפּגעביסענעם צוקער. די עלטערע ברידער וואַרפן זיך אָן אויף אַבראַשקען:

— וואָס טשעפּעסטו זיך צו יעדן?

עטלעכע אָרעמעלייט האָבן זיך אַזוי צוגעוואוינט צו קומען צו אונדז, אַז איידער זי נעמט אַראָפּ דעם סאַמאָוואַר פון טיש, גיט סאָשע אַ טראַכט: איז שוין געווען דער און דער איד?

איין אָרעמאַן, דאַר ווי אַ שפּענדל, האָט זיך נישט געשעמט אויסטרינקען אַליין אַ גאַנצן סאַמאָוואַר. זיין טאָג איז געווען פאַרטיילט צווישן דער שול און אונדזער סאַמאָוואַר. ער האָט געוואוסט, ווען מען שטעלט אַרויף דעם סאַמאָוואַר אויפן טיש און ווען מען נעמט אים אַראָפּ. איז צו דער צייט לאָזט ער איבער דעם טלית אויפן בענקל פון שול און קומט טרינקען טיי.

פעלט אים אויס מילך, שלעפּט ער זיך מיטן ליידיקן קריגל אין קיך אַריין און טוט אַ בורטשע אונטער דער נאָז:

— גיט מיר אַ טראָפּן מילך, כאָטש נאָך אויף איין גלאָז!

נאָכן לעצטן גלעזל טיי, בלייבט ער זיצן, ווי אַ פאַרחלשטער און וואַרט אָפּ, ביז זיין נאָז, וואָס איז געוואָרן רויטלעך־ברוין ווי אַ ציגל, וועט זיך אָפּקילן.

* * *

מיט אַמאָל שטופּט זיך פאַנאַנדער די טיר פון עס־צימער און

אויף דער שוועל בלייבט שטיין, ווי אַ שוואַרצער שאָטן, ר׳ שלמה, אונדזער מלמד.

ביי די ברידער שטעלט זיך דער ביסן אין מויל.

— שקצים, אַזוי שפּעט אויפגעשטאַנען? — שרייט דער מלמד. — שוין געדאַוונט? נאָך נישט? און מען עסט שוין אָנ־בייסן! געמאַכט כאָטש אַ ברכה? קומט לערנען! שוין אַ האַלבער טאָג פאַרביי!

ער אַליין שלאָפט וויייניק. פאַלט ער צו אַ ספר צו, קען ער אַזוי אָפּלערנען אַ גאַנצע נאַכט. דערפאַר זיינען זיינע אויגן אָנ־געצונדענע, ווי זיי וואָלטן שטענדיק ברענען אין אַ פיבער. פון עסן, טרינקען האַלט ער וויייניק. זיין דאַרער גוף דרייט זיך איבערן צימער אַרום, ווי אַן אומרו אין אַ זייגער — אַהין, אַהער.

ביי איין ברודער, דערזעט ער, איז אויסגעקראָכן אַ ציצה פון די אַרבע־כנפות, ביים אַנדערן זיינען צו־קורץ אָפּגעשאָרן די האָר פון קאָפּ. עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ דער רבי, וואָס זיינע תלמידים לאָזן זיך נישט אַריינשפּאַרן אין קאָפּ גאָטס תורה.

ער בלייבט שטיין אין דער טיר. ער שטייט אַפילו נישט. יעדע רגע איז ער גרייט צו אַנטלויפן. זיין שוואַרץ־ליוסטרינענער ראָק דרייט זיך מיט אים צוזאַמען. מיט די יאָרן ווערט דער בגד אַלץ־ברייטער אויף זיין איינגעפאַלענעם גוף. נאָר זיין יאַר־מעלקע ליגט פעסט אויפן שפּיץ קאָפּ, ווי אַ צוגעקלעפּטע. אַלץ איז שוואַרץ אויף אים. ס׳פּנים — פאַרפינצטערט פון די לאַנגע פּאות, פון דער פאַרפּלאָנטערטער באָרד. בלויז זיין גרויסער אַרבע־כנפות קריכט אַרויס פון הינטערן וועסטל, ווי אַ שטיקל הימל פון די וואָלקנס. די לאַנגע ציצות שאָקלען זיך, ווי שנירע־לעך אין אַ ווינט. דער רבי גיט אַ כאַפּ אַ ציצה, לייגט זי צו די ליפּן צו, גיט זי אַ קוש, ווי ער וואָלט וועלן איינשטילן אי די ציצה, אי זיך אַליין.

כאָטש דער רבי וואוינט ביי אונדז, גייט ער אָבער זעלטן אַרויס פון זיין צימער. ווען האָט ער צייט? אַ גאַנצן טאָג לערנט

ער מיט עמעצן תורה. אין דער פרי מיטן טאַטן. ס'איז, אַוודאי, זיין בעסטע שעה. אַלע אַרום שלאָפן. ס'איז שטיל. און זיי ביידע, דער רבי מיטן טאַטן, פאַרטייטשן איינער דעם אַנדערן אַ שווערן פּסוק, צי זיי חזרן איבער אויפן קול אַ בלאַט גמרא. פאַרמאַטערטע, זעצן זיי זיך ביידע טרינקען טיי. זיי טרינקען און שווייגן.

דער רבי טוט אַ טראַכט פאַר זיך:

— כ'האָב, דוכט זיך, ערשט צופיל געשריען אויף ר' שמואל־נחן, נישט געווען מיט אים אין גאַנצן מסכים. אָבער, ער איז דאָך פאָרט אַ באַלעבאָס! — אַ פאַרשעמטער, גיט זיך דער רבי אַ הויב פון שטול און פאַרשווינדט צו זיך אין צימער.

ס'איז אים צו־קורץ דער טאָג. ער כאַפּט זיין טלית־זאַק, שלעפּט פון דאָרט אַרויס דעם תפילין־ביימעלע און הויבט אָן לייגן תפילין. ער דרייט די רצועות אַרום דער האַנט, וואָס איז באַוואַקסן מיט האָר. ער שאָקלט זיך, ער גיט זיך אַ דריי אַהער, טוט אַ שפּיי אַהין, בוקט זיך, ביז ס'הייבן אים אָן ווי טאָן אַלע זיינע אברים.

זעט ער אויפשטיין די ברידער, נעמט ער זיך פאַר זיי:

— וואָס וועט פון אייך אויסוואַקסן? גיי, קנעל מיט זיי! נאָר שטיפן! גאָר נישט ווי אידישע קינדער! שקצים זייט איר, וואָס? אברהמל, ביסט באַלד שוין בר־מצווה — און וואָס? האָסטו אַ טראַכט געטאָן וועגן דיין דרשה? נאָר נאַרישקייטן קריכן דיר אין קאָפּ. אָך! — גיט דער רבי אַ זיפץ. — אַ האַלבער מנין אינגלעך, וואו נעמט מען צו זיי כוח? הייננטיקע קינדער! אַלץ גייט אין ניוועץ! צופיל צעלאָזן!

אַבראַשקע זעט, דער רבי האָט זיך פאַרטראַכט, טוט ער אַ פרעג:

— רבי, ביז מיר'ן גיין לערנען, קען איך אויף אַ ווײַלע אַרויס אויפן הויף? —

דער רבי טוט זיך אַ ריס פון אָרט, ווי ס'וואָלט געברענט אונטער אים:

— שייגעץ! ווילסט זיך אַרויסגנבענען פון מיר, אַ? —

ער גיט אַ שלעפּ אַבראַשקען פאַרן אַרבל: — מיר וועלן זיך גלייך זעצן לערנען חומש. וואו האָבן מיר זיך נעכטן אָפּגע־שטעלט? —

דער רבי לויפט פאַראויס, שלעפּט אַבראַשקען אין חדר אַריין. דעם רבינס דאַרער פינגער מישט אויף דעם חומש און שטעלט זיך אָפּ אויף אַ שורה.

— נו, אַט, הויב אָן! — צעוויגט זיך דער מלמד מיט אַ ניגון.

אַבראַשקע הויבט אָן מרוקען. די אותיות צעמישן זיך אים אויפן בלאַט. ער פאַרקוקט זיך אויפן רבינס באָרד, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ און אַרויף מיטן מויל צוזאַמען. אויף אַ רגע פאַרלירט אַבראַשקע דעם ניגון. עפּנט ער ברייט פאַנאַנדער זיין מויל, ווי ער וואָלט וועלן כאַפּן דעם ניגון פון דער לופט.

— וואוהין יאָגסטו זיך אַזוי? — גיט דער רבי אַ שפּרונג־אויף פון אָרט. — איך הער קיין וואָרט נישט!

פון חדר דערגייען שוין קולות.

— גוואַלד, סאַראַ מזיק אַ אינגל! נאָר אַלעמען אויסלאַכן.

נאַ! — גיט אַ סוויסטש אַ פּאַטש.

— וואַרט, כ'וועל דיר ווייזן, ווי אויסשטעקן דעם רבין אַ צונג! מיט אַ פּאָר שמיץ וועל איך דיר שוין אַריינקלאַפּן די תורה אין קאָפּ!

— רבי, כ'האָב גאָרנישט געמיינט! — בעט זיך אַבראַשקע.

— מיר טוט וויי אַ צאָן, האָב איך אים אַ גלעט געטאָן מיטן צונג.

אָבער דער רבי האָט זיך שוין צעהיצט, אַזש די הענט טרייסלען זיך ביי אים. ער נעמט אַראָפּ פון טשוואָק דעם פאַר־שוויצטן לעדערנעם רימען, פאַרקאַשערט דעם אַרבל און טוט אַ ציי אַבראַשקען צו זיך.

דעם רבינס אויגן ברענען, ווי ביי אַ הייליקער עבודה. אין

איין רגע שפּיליען זיך אַף דעם ברודערס הייזלעך. דער שוואַר־צער רימען לאָזט זיך אַראָפּ און אַרויף, ווי אַ גליענדיקער אייזן, איבערן הוילן הינטן פון מיין ברודער. אַבראַשקע קאַרטשעט זיך אין זיינע הענט.

— רבי, כ׳וועל מער נישט . . . מער נישט טאָן! —

אָבער דער רבי איז ווי פאַרבלענדט, ער זעט גאָר נישט. ער האַלט אין איין שמייסן. אַבראַשקע רייסט זיך פון דעם רבינס קני, שלאָגט מיטן קאָפּ אָן דער ערד — ניכטערט זיך גלייך אוים דער רבי. ער לאָזט אַרוים דעם רימען פון האַנט און אָן אוים־געמאַטערטער, זעצט ער זיך אַנידער אויף זיין שטול.

אַבראַשקע קייקלט זיך פון אים אַוועק. פּויזעט איבערן צימער. צום רבין גיט ער זיך גאָר נישט אַ קער. לעבן סאַמע טיר הויבט ער זיך אויף, שפּיליעט צו די הייזלעך און לויפט אַרוים.

ביי דער אַנדער זייט טיר, שטויסט ער זיך אָן אָן דעם טאַטן, וואָס שטייט שמונה־עשרה ביי דער וואַנט. דער טאַטע דאַוונט שטיל, מיט פאַרמאַכטע אויגן.

אַבראַשקע שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע, פאַרשעמט זיך, ער טוט אַ טראַכט: האָט דער טאַטע געהערט? דער טאַטע, איינ־געהילט אין טלית איבערן קאָפּ, שאָקלט זיך, ווי אַ גרויסער ווייסער וואָלקן, וואָס גליטשט זיך שטיל אַראָפּ פון וואַנט.

אויב ער האָט יאָ געהערט שמייסן אַבראַשקען, האָט ער אַוודאי אַ טראַכט געטאָן: — דער רבי ווייס, וואָס ער טוט. מע שמייסט קינדער, דערויף זיינען זיי קינדער — און ער האָט זיך נאָך מער פאַרטיפט אין דאַוונען. זיינע תפילין פון שפּיץ־קאָפּ האַלט אונטער דעם טלית און שטראַלט פון אים אַרוים, ווי אַ שוואַרצער שטערן. די האַנט, אויסגעבונדן מיט די רצועות, ווינקט מיט שוואַרצע פּאַסן. צווישן די רימענס איז די הויט אויפגעבלאָזן, ווי אָן אָנגעשוואָלענע. אין דער האַנט שטעקט אַ סידור, אָבער דער טאַטע קוקט אין אים נישט אַריין.

פון אַלע אַרומיקע קולות דערהערט זיך פּלוצים דער מאַמעס קול. זי לויפֿט פֿון קראָם אין שטוב אַריין.

— איר ווייסט נישט, וואו איז דער באַלעבאָס? שמואל־נח, ווען וועסטו שוין אַרויסקריכן פֿון שטוב? —

די מאַמע איז צעטראָגן. יעדן פֿרימאָרגן איז דאָ אַ צאָלונג פֿון אַ וועקסל, וואָס מען קויפֿט אויף באָרג. האָט די מאַמע מורא דורכצולאָזן די צייט פֿון צאָלן. איר פֿעלט דאָך אוים געלט. דער טאַטע וואָלט איר קענען געבן אַן עצה. אָבער זי זעט, דעם טאַטנס רוקן גיט זיך נישט קיין ריר. זיין טלית וויגט זיך, ווי אַן אויפֿגעהאַנגענער, אויף דער וואַנט.

— ער קען אַזוי אָפּדאַוונען ביזן האַלבן טאָג! — גיט די מאַמע אַ צי מיט די פּלייצעס.

דער טאַטע הערט דורכן טלית דער מאַמעס קול. נאָר ער איז נישט זיכער: שרייט עס די מאַמע היינט, צי ער הערט נאָך איר קול פֿון נעכטן? יעדן פֿרימאָרגן טומלט די מאַמע אויפֿן זעלבן אופֿן.

— און וואָס איז פֿאַראַן צו טומלען אַזוי? אָדער עס קלעקט דאָס מזומן־געלט פֿון קאַסע, אָדער מען לויפֿט אַרוים לייען אַ גמילת־חסד ביי אַ שכן. מיט גאָטס הילף, מען צאָלט תּמיד אוים. איז וואָס איז דאָ צו יאָמערן? —

אָבער די מאַמע איז אומרואיק. באַלד איז שוין עלף אַזייגער. און זי האָט נאָך נישט דאָס גאַנצע געלט. זי קערט זיך אום צוריק אין קראָם, שטופּט זיך ווייטער צו צום בוכהאַלטער.

— וואָס זאָגסטו, הערשל, וויפֿיל איז דאָ היינט צו צאָלן?

דער שטילער בוכהאַלטער, וואָס זיצט ווי אַן איינגעשלאָפֿענער איבער זיינע ביכער, כאַפּט זיך אויף, קוועטשט־צו די ברילן צו דער פֿאַרשוויצטער נאָז און הויבט אָן בלעטערן איין בוך נאָכן אַנדערן. ער פֿירט דעם פֿינגער איבער די שורות, טאַפּט, זוכט. חלילה, נישט מאַכן קיין טעות.

— היינט ... דעם פֿינפֿטן ... דעם פֿינפֿטן ... אָט ...

— רבקה, און וויפיל איז דאַ ביי דיר מזומן ? — פּאַלט־צו די מאַמע שוין צום וויפילטן מאָל צו דער קאַסירשע.

יענע האַלט פון אין דער פרי אָן אין איין ציילן. קופּקעס מטבעות שטייען אויסגעשטעלט אין קלעצלעך, די קאַסירשע טאַפּט זיי אָן, ציילט, רעכנט, שטעלט זיי איבער פון איין אָרט אויפן אַנדערן. ווי זי זאָל נישט דרייען, קומט אַלץ אַרויס דאָס זעלבע.

— ס׳שוין צען פאַר עלף ! — גיט זיך די מאַמע מיט אַמאָל אַ ריס פון אָרט. — וואָס שווייגט איר אַלע ? גיב מיר מיין שפּיצן־טיכל . . . — און זי לויפט צו דער טיר.

— ר׳ דוד, איר וואָלט געקאָנט מיר היינט לייען אַ קליינעם גמילת־חסד ?

— וויפיל פעלט אייך אויס, אַלטע ?

— אַ פופציקער.

— איז וואָס זייט איר אַזוי צעטראָגן ? קומט אַריין ! — שמייכלט ער אונטער. — צווישן שכנים רעכנט מען זיך נישט אויס !

פאַר דער מאַמען האָט ער דרך־ארץ. זי איז דאָך די גאַנצע פּירעקע אין קראָם.

און אין אַ רגע איז שוין די מאַמע צוריק.

— נאַ, מיין קינד, — רופט זי צו דעם עלטערן ברודער. — אָט דאַ, אין פּאַטשיילקע, איז דאָס גאַנצע געלט. לויף־צו צו דער באַנק, האָסט נאָך פינף מינוט. נאָר זע, האַלט שטאַרק דאָס געלט אין האַנט. אין באַנק זיינען דאָ פיל גנבים ! —

— אוף ! — די מאַמע גלייכט אויס דעם רוקן, ווי זי וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערע משא.

נאָך עלף הויבט זיך ערשט אָן דער טאָג.

# אַ שיפל

יעדן טאָג לויפן מיר מיט אַבראַשקען צום בריק אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך אויפן טייך.

ס'איז דאָ וואָס צו זען. עס שווימען פליטן, עס פאָרן אַריבער שיפלעך פון איין ברעג צום אַנדערן.

די כוואַליעס אַליין לאָזן דעם טייך נישט צורו. שטענדיק שווימען זיי. קיינמאָל שטעלן זיי זיך ניט אָפּ און ציען דעם טייך, ווי מיט געוואַלט, ערגעץ ווייט, ווייט...

אַך! כאָטש איינמאָל מיט זיי אַ שווים צו טאָן!

— באַשקע, ביסט שוין ווייטער אַנטשלאָפן געוואָרן? — גיט מיך דער ברודער אַ שטופּ.—וואָס שטייסטו, ווי אַ נעכטיקע? גיב אַ קוק אַהער. זעסט יענע שיפל? זי וועט באַלד אָפּפאָרן אויף דעם אַנדערן ברעג. עס זיצן שוין דאָרטן אַ פּאָר מענטשן. אוי, וואָס איז דאָס? — גיט דער ברודער מיט אַמאָל אַ שפּרונג.

— אוודאי... דאָס איז ער... דאָס פינקלען זיינע ברילן!...

— וואו? ווער?

— ביסט אַ בלינדע, וואָס? זעסט נישט, אָט גייט דער פעטער בערע. ער פאָרט אַלע טאָג אויפן שיפל אַהיים. קום גיכער! מיר וועלן אים כאַפּן און מיט אים אַריבערפאָרן דעם טייך!

— אַ שיפל קאָן זיך נישט צעברעכן, ווי די פליטן? — פרעג איך אים.

מיר לויפן שוין אַראָפּ בריק. לויפן אַרונטער די טרעפּלעך, וואָס פירן צום ברעג.

די טרעפּלעך שאָקלען זיך. פון אונטן בלישטשעט דער נאַסער זאַמד. מיר שפּרינגען אויפן ברעג אַראָפּ.

דער טייך — אַזוי נאָענט. ס'דוכט זיך, מיר זײַנען אין וואַסער אַרײַן.

— פּעטער בערע, פּעטער! — שרײַען מיר צו אים.

זײַנע שווערע שטיוול זינקען אינעם זאַמד און וואַרפן אים פון זיך אָפּ.

— מזל-טוב! איר זײַט שוין דאָ? פון וואַנען זײַט איר אַרויסגעקראָכן? נישט אַנדערש, ווי אַרויסגעשוואומען מיט די פיש אינאײַינעם, אַ?

— פּעטער, איר פאָרט אַהיים? — הויבט אָן שטאַמלען אַבראַשקע.

— ביסט גאָר אַ מלאך, אַלץ טרעפסטו! און אַז אַהיים איז וואָס? — גיבן אַ בלישטש זײַנע אויגן דורך די שפּאַקולן. — אָך, שקצים אײַנע! איך זע שוין נאָך אײַערע נעז, אײַך ווילט זיך אויפן שיפל, אַ? מילא, אָוורעמל... אָבער דו, באַשענקע, האָסט גאָר נישט מורא? — גיט ער מיר אַ קניפּ אין באַק.

אַפילו ווען איך האָב יאָ מורא, וועל איך נישט אויסזאָגן. איך שעם זיך פאַר אַבראַשקען. ער וועט מיך אויסלאַכן.

אַלע זאַלבעדריט גייען מיר צו צום שיפל, וואָס וואַרט ביים ברעג. מיר קריכן אין אים אַרײַן. דאָס שיפל טוט זיך אַ שאָקל. די פּאָר מענטשן, וואָס זיצן דאָרטן, רוקן זיך אָפּ. אָבער דער אַלטער רודערמאַן גיט אויף אונדז אַפילו נישט אַ קוק. זײַן פּנים באַוואַקסן, פאַרברענט פון זון. כאָטש אַ איד, זעט ער אויס ווי אַ פּויער. מיט זײַנע גראָבע פינגער דרייט ער אויס אַ פּאַפּיראָסל. ער שפּײַט אין וואַסער, נעצט צו דאָס פּלים-פּאַפּיר.

ס'דוכט זיך, פאַר זײַנע האַרטע הענט איז שווערער אויסדרייען דאָס דינע פּאַפּירל, ווי אַריבערפירן דאָס שיפל אויף דעם אַנדערן ברעג טייך.

ער זאָגט קיין וואָרט נישט. שפּייט בלויז, ווי עס וואָלט אָן דעם נישט געווען זיין וואַסער אינעם טייך.

מיר צעזעצן זיך פון ביידע זייטן. טונקען די פינגער, טאַפּן אָן די לאַנגע רודערס, וואָס ליגן רואיק אויפן שיפל.

דעם אידנס פאַרדרייטע הענט זיינען צו קורץ. זעט אויס, ווי זיינע אמתע הענט וואָלטן געווען די צוויי לאַנגע הילצערנע רודערס, וואָס רוען איצט פון זיינע ביידע זייטן.

— ר׳ איד, ביז וואַנען וועט איר וואַרטן? — רופט זיך אָן דער פעטער בערע. — וואָס ווילט איר, די גאַנצע שטאָט זאָל זיך אָנקלייבן ביי אייך אין שיפל?

דער אַלטער שיפמאַן זיצט שטום און וואַרט. אַלע שווייגן. איך גיב אַ קוק אויפן טייך און ווער אויך אַנטשוויגן. מיט אַמאָל הויבט אויף דער שיפמאַן זיין קאָפּ, גיט שווער אַ קוק, טוט אַ בורטשע אין זיין געדיכטער באָרד אַריין:

— שוין דאָ אַ פולע מענטשן... זעצט זיך אַ ביסל נעענטער איינס צום אַנדערן.

אַ קער, אַ שפּיי אין די פויסטן, אַ כאַפּ געגעבן איין רודער און ער שטופּט אָפּ דאָס שיפל פונעם ברעג. ס׳שיפל האָט זיך בלויז אַ גליטש געטאָן און זיך גלייך אָוועקגעזעצט אין וואַסער. פון אַלע זייטן שווימען צו וואַסערן. עס האָט אַ בלאָז געטאָן אַ קעלט, ווי מיר וואָלטן אַרויסגעפאָרן אין אַ ים. דאָס שיפל וויגט זיך אויף די כוואַליעס, שניידט איינע דורך, פאָרט אויף אַן אַנדערער אַרויף.

דאָס וואַסער קנייטשט זיך, קרייזלט זיך אויף דער זון. דאָ צינדט זיך עס אָן, דאָ — לעשט זיך עס אויס. ס׳דוכט זיך, עס שווימען זילבערנע פיש מיט בלישטשענדיקע רוקנס.

אונדזער שיפל קאַטשעט זיך פּאַמעלעך. אַלע זיצן מיר פעסט צוגערוקט איינער צו דעם אַנדערן. אַלעמענס קעפּ אַראָפּ-געלאָזט. אַלע קוקן אויפן וואַסער, ווי מיט די אויגן וואָלטן

מיר העלפן דאָס שיפל שווימען. איך כאַפּ זיך אָן פאַרן פּעטערס אָרבל.

מיר דוכט זיך, מיר זיינען פאַרשוואומען אין אַ מיטן וועלט. אַט ערשט אויפן ברעג איז אַלץ געווען גרויס. די ערד, אַזאַ ברייטע, איז איצט ווי אויפן הימל אַרויפגעקראָכן. מע הערט ניט קיין קלאַנג, קיין קול. אַפילו אַבראַשקע שווייגט. קיינער רירט זיך ניט פון אָרט.

נאָר דעם שיפמאַנס פּלייצעס הויבן זיך אַרויף און אַראָפּ. זיינע רודערס פּליעסקען און גראָבן אינעם וואַסער. ס׳וואַסער גאָרגלט אונטער. ווי מיט קייטן ציט עס און שלעפּט אונדזער שיפל.

פון דערווייטנס ווינקט דער ברעג...

מיר דוכט זיך, כ׳בין שוין טויב פונעם וואַסער. צוריק צום ברעג, אַוועקשטעלן די פיס אין זאַמד און גיין און לויפן איבער דער ערד...

# כיבוד

פון אין דער פרי אָן גייט די שטוב ווי אויף רעדער. אומעטום אויסגעוואַשן, אויסגערייניקט. מע צעשטעלט די פּסחדיקע כלים. מע רייבט, מע שייערט מעסער־גאָפּל־לעפל. דער אויסגעפּוצטער סאַמאָוואַר בלישטשעט, ווי ער וואָלט וועלן וועמען הרגענען מיט זיינע בליצן.

— סאַשע, גיב אַ קוק! — שטיי איך צו. — זע, אַט זיינען אונדזערעביידנס קעפּ אינעם סאַמאָוואַר.

— אָ, לאָז צו־רו מיט דיינע נאַרישקייטן! וואָס דו קאָנסט אַלץ אויסטראַכטן! איך דאַרף העלפן חוהן. היינט פאַרנאַכט איז דער סדר... — ווי איך וואָלט דאָס ניט וויסן...

ביי מיר ליגט שוין אַ גאַנצע רשימה, וואָס איך דאַרף אָנ־קויפן פון גוטע זאַכן. די מאַמע איז דאָך שטענדיק פאַרנומען אין קראָם — פאַרלאָזט זי זיך אויף מיר. אַוודאי, ווייל איך בין אַליין אַ נאַשערקע...

קומען אורחים, וויסט נישט די מאַמע, וואו־וואָס ליגט.

— באַשענקע, דו ביסט דאָך ביי מיר אַ גאַנצע באַלעבאָסטע. נו, דערלאַנג אונדז וואָס פון כיבוד. לאָמיר אויך פאַרזוכן עפּעס פון גוטע זאַכן.

איך ווייס, אַז וויפיל איך זאָל נישט אָנקויפן און וויפיל חוה אַליין זאָל נישט אָנבאַקן — וועט אַלץ זיין ווייניק און ס׳וועט אויספעלן צום סוף יום־טוב.

אַלע קומען צו־גאַסט, ברענגען מיט זיך אַ וועלט מיט קינדער. מיר אויף צו־להכעיס, עסן זיי גלייך אויף וואָס איך זאָל נישט דערלאַנגען. פעלט אַלע מאָל אויס, וויפיל איך זאָל נישט אָנקויפן.

איך מיין — איך קויף אויס די גאַנצע בעקעריי... די מאַמע וועט נאָך שרייען: — ווער דאַרף דאָס אַזוי פיל זיסע זאַכן?

חווה באַקט אויך אוים אַ פּאָר טאָרטן. ווי זי זאָל נישט זיין פּאַרנומען, פאַרגעסט זי נישט צו באַרימען זיך מיט אירע שוואַרצע פלוימען, מיט נים אויסגעפּרעגלטע אין האָניק. טאַקע אַ מחיה!

איז גיין קויפן און דערלאַנגען כיבוד שטענדיק מיין אַרבעט.

אָט איז שוין דער טויער. אַפילו מיט פאַרמאַכטע אויגן קען מען אים נישט פאַרבייגיין און זיך נישט אָפּשטעלן לעבן אים. אין דרויסן קען זיין קיל, אָבער פון דעם טויער טראָגט זיך שטענדיק אַ וואַרעמקייט. ס׳גיט אַ קיצל אין נאָז אַ זיסער ריח.

דאָ איז די אידישע צוקער־בעקעריי. דאָ פּרעגלען זיך און באַקן זיך די בעסטע טאָרטן און טייגלעך פון שטאָט. מיט אַ צעטל אין האַנט שטיי איך ביים טירל. אַ שוואַרצע, אָפּגע־ברענטע, ווי דאָס טירל אַליין וואָלט האַלטן אין איין פּרעגלען זיך מיט די אַלע גוטע זאַכן. דאָס טירל, שטענדיק אַ וואַרעמס, אַפילו זיין שוואַרצע קליאַמקע איז אויך נישט קאַלט.

איך צעגיי זיך אין דעם זיסן ריח, וואָס בלאָזט פון אונטער דעם טירל. איך הער זיך צו: ס׳איז שטיל, ווי די בעקערס וואָלטן נישט זיין אין דער היים. מען הערט נאָר איין רויש פון ברענענדיק האָלץ אין אויוון. דער בעקער אַליין, זיין אַלטע ווייב, די גרויסע מיאוסע טאָכטער — אַ לאַנג־פּאַרזעסענע מיידל — אַלע זיינען ווי שטומע. נאָר זיי שמייכלען זים. דער וואַרעמער שמייכל איז שטענדיק אויסגעגאָסן אויף זייערע בלאַסע פּנימער, ווי זיי וואָלטן האַלטן אין אויסגיסן אויף זיך אַ טאָפּ צעגאַנגענעם צוקער. זיי זיינען, ווי זייערע אייגענע שטימעס, איינגעטונקען אין צוקער און אין האָניק.

עסן זיי ווען אַ שטיקל ברויט מיט הערינג?

עס שמעקט ביי זיי אַפילו נישט מיט ציבעלע. אַלע דריי שוואַרצע, דאַרע, ווי אָפּגעברענטע „גאָלאָוועשקעס“, גייען זיי אַרום גאַנצענע טעג אין זייערע אויסגעטראָטענע פּאַנטאָפל הין און צוריק — פון קיך אין זאַל. פאַרוואָס רופן זיי אים זאַל?

אפשר דערפאר, וואס אויף דער וואנט הענגט א בילד אין א שווארצער ראם. דאס בילד פון דעם באלעבאס און באלעבאסטע אין זייערע חופה־קליידער, וואס הענגט א ביסל קרום, פאר־פינטלט פון פליגן. לעבן די טישן שטייען א פאר אפגעקראצטע שטולן, וואס אמאל זיינען זיי געווען ווייך. איצט איז דער זאל — זייער קראם, — פארשטעלט מיט טישן.

וואס זשע פארט וועל איך קויפן?

איך האב זיך אזוי אנגעלייגט אן דעם טירל, אז עס האט זיך אליין אפגעשטופט. אין פינצטערן פארצימער איז ווארעם, ווי אין א באד. דורך דער אפענער טיר זעט מען גלייך דעם אויוון, וואס די באלעבאסטע מיט א לאנגן גאפל שטופט פאנאנדער, פארשארט די רויטע קוילן.

— גוט מארגן! — גיב איך א געשריי אין דער פינצטער.

זי לאזט ניט ארוים דעם לאנגן גאפל פון די הענט און גיט נאר א קער דעם קאפ צו מיר.

— אה, גוט מארגן, באשענקע! וואס מאכסטו? שוין לאנג דיך ניט געזען.

זי האט זיך ווייטער אויסגעקערט צום אויוון און רעדט ווי ניט מיט מיר, נאר מיט די קוילן.

— אה, קום אריין, באשענקע! — וואקסט אוים לעבן מיר דער באלעבאס. גישט געהערט, ווי ער האט זיך אריינגע־גליטשט אין צימער.

— איך האב שוין מאקע א טראכט געטאן: וואס קומט נישט אלטעס טאכטער? די גאנצע טייגלעך וועלן דאך אוועק... ווילסט א ביסל איינגעמאכטס? הייגט איז ער גאר אן „אסאבענער“.

די טאכטער איז שוין אויך דא. זיך פארהאלטן אויפן וועג פון קיך אין זאל. אלע אטעמען מיט ווארעמקייט, מיט זיסקייט. עס הויבט אן פיקן אין די אויגן. די זיסע לופט עסט זיך איין אין די ציין. וואס קויפן?

טישן אָנגעלייגט ווי אויף אַ חתונה. אַ טיש מיט טייגלעך, ווי אַן אויסגעברוקירטע גאַס, שיינט מיט האָניק, מיט פאַר־ברענטע שטיקלעך טייג. טאָרטן ווייסע, לייכטע. דוכט זיך, זיי האָבן גאָרנישט אינעווייניק, נאָר אָנגעבלאָזענע לופט. ברוינ־לעכע טאָרטן האַלטן זיך אונטער מיט זייערע אָנגעשטאָפטע מאַנדלען. נאָך אַ טיש אָנגעשאָטן מיט זעמעלעך, צוקערלעקעכס, שטערנדלעך, מגן־דודלעך. אַ טאַץ מיט מאָן קילט זיך אָפּ לעבן דער גליענדיקער שיסל מיט איינגעמאַכטס.

דאָס איינגעמאַכטס פאַרשיינט, ווי אַ „קראַסאַוויצע", די גאַנצע קראָם, שפּריצט מיט האָניק, קרייזלט זיך ווי גאָלד־ברוינע האָר.

— איז וואָס זאָל מען אייך שיקן? וואָס האָט געהייסן די מאַמע? — פרעגט דער בעקער.

איך טייטל מיט די פינגער אויף יעדער בלעך, אין יעדן טיש — אָט דאָס, אָט דאָס, אָט דאָס. איך ווייס דאָך, אַלע האָבן ביי אונדז ליב נאַשעריי. אַלע וועלן זיך לעקן די פינגער.

— אַ גוטן! אַ גוטן טאָג!

איך אייל זיך. איך דערשטיק זיך אין דער וואַרעמער בעקעריי.

— אַ גוטן טאָג דיר, באַשענקע! מע וועט דיר אַלץ צו־שיקן. אַ פריילעכן יום־טוב אייך אַלעמען!

איך אָטעם אָפּ. אַ, פרישע לופט! איך אייל זיך, אַ שרעק! וועלן די זעק מיט די גוטע זאַכן אָנקומען פריער פאַר מיר?...

אָן אָטעם פאַל איך אין שטוב אַריין. די פּאַפּירענע זעק זיינען שוין צעלעכערט.

— אוי, דאָס איז דאָך פאַר אורחים! וואָס וועט זאָגן די מאַמע? — ראַטעווע איך אַרויס דעם פּסחדיקן כיבוד פון די ברידערס הענט.

# געסט

— באשוטקע, ווילסטו אַ געפּרעגלטע מצה מיט צוואָרעך, צי אַ לאַטקע? — וועקט מיך אויף חוהס דיקער קול.

איך רייב די אויגן. איך ווייס נישט צי ס׳גלאַנצט דאָס פעטס אויף דער קעכינס פּנים, צי די פעטע לאַטקעס הענגען אַראָפּ פון אירע אויערן.

— לאַטקעס? און וואָס איז נאָך דאָ? — פרעג איך פון שלאָף?

— נאָך דאָ? וואָס דאַרפסטו נאָך? אַ מאָדנע קינד! איך ווייס... ס׳איז דאָ נאָך זעמעלעך — בורטשעט זי שוין.

וואָס זאָל איך נאָך אויסטראַכטן, אַבי נישט אויפשטיין? מיר איז דערעסן צו עסן. איך בין נישט הונגעריק. בייטאָג וועט נאָך זיין גראָבע כרעמזלעך, אָנגעפילט מיט איינגעמאַכטס. דאַכט זיך — מיין בויך איז שוין געוואָרן אַן אָנגעשטאָפּטער כרעמזל.

איך קייקל זיך שווער אַרויס פון בעט.

— לאָז, איך וועל דיר גוט אויסבאַרשטן דיינע האָר.

— היינט קומען דאָך געסט, דו וועסט שפּילן אין ניס? — זשומעט מיר אין אויער סאָשע.

— ווי מיינסטו, איך וועל געווינען?

ווי דער טאַטע גייט זיך צולייגן נאָכן עסן, פאַרכאַפּן מיר דעם זאַל און צעוואַרפן זיך אויפן דיל. די ברידער שיסן אויס גאַנצענע בערגלעך ניס פון זייערע קעשענעס.

— אום־גראָד, אום־גראָד? — טרייסלען זיי פאַר מיין נאָז זייערע הענט, פול מיט ניס ווי מיט גלעקעלעך... מיר טרייסלט

אין די אויערן. איך וויל זיך ניט אָפּנאַרן. זיי לאַכן שוין מיך אויס מיי־ווי־סיי.

— אוס! — קוועטש איך זיי די הענט מיט אַלע מיינע כוחות. איך געווין, זיי אויף צו־להכעיס.

נים שיטן זיך אַרויס פון די פֿאַנאַנדערגעוואָרפענע פינגער און צעקייקלען זיך. מיר גיבן זיך אַ וואָרף אין אַלע זייטן. די ברידערס לאַנגע פיס נעמען זיך פֿאַנאַנדער, ווי גרויסע שערן. זייערע הענט צעשווימען זיך.

איך קריך אונטער די אַלמערס, אונטער די טישן. די ניסלעך האָבן זיך פֿאַרקייקלט אין אַלע לעכער. די ברידער גיבן אַ סוויסטש מיט די ציינער און יאָגן זיי נאָך. ווער פון זיי שטעלט אויס אַ פוס און פֿאַרהאַלט אַ קייקלדיקן ניסל, פֿאַרדרייען זיך אין אַ ראָד. די ניסלעך פאַלן אַהין אַריין, ווי אין אַ קאָרעטע.

מיר שלעפּן פון דאָרטן אַרויס איין ניסל נאָך אַן אַנדערן און צעקוועטשן זיי אונטער די פיס, אונטער די ציינער.

— עס איז גוט אַ פּאָר יאַדרישקעס איינטונקען אין אַ קעלישעק וויין, — חלומט דער שטילער ברודער אהרן און שפּייט אויס דאָס שאָלעכץ.

דער דיל באַדעקט זיך מיט צעקנאַקטע שטעכעדיקע שאָלעכץ.

— אָך, „באָזשע מאָי”! וואָס האָט איר אָנגעטאָן? ערשט אויסגעקערט! — לויפט אַריין מיט אַ געוויין מאַשע.

מיר רירן זיך נישט פון אָרט און קייען.

— אַרויס פון דאַנען, איר הערט, אַרויס! — וואַרפט זי זיך אויף אונדז מיט דער לאַנגער באַרשט. — באַלד שטייט דאָך אויף די מאַמע, באַלד קומען דאָך אורחים! לאָזט מיך גיכער אויסקערן! — שרייט זי און קלאָגט זיך.

— נאַ, נאַ דיר דיין זאַל, — רייצט זיך מיט איר אַבראַשקע און שיט איר אַריין אַ פּאָר ניסלעך הינטער איר קעלנערל.

— דו, משוגענער! — דרייט זיך סאשע ארום און טרייסלט אירע קליידלעך.

מיר קאטשען זיך פון געלעכטער און צעלויפן זיך איבערן שטוב.

איך גיי אריין אין עס־צימער. דער טיש איז באדעקט מיט א פרישן געבלימלטן טישטוך. ער האט זיך אויסגערוט פון דעם סדר. שטייט און ווארט און מאנט עפעס ביי מיר. כ'שלעפ ארויס פון אלמער דעם אנגעגרייטן כיבוד, צעשטעל די נייע שמעקעדיקע פרוכט־טעלערלעך; צעלייג דאס איינגעמאכטס, די טייגלעך, די מאנדלעך. שטעק אריין א גאפעלע, א מעסערל אהין, אהער. איך גים אן די „ווארעניצע" פול מיט דעם שיטערן קארשן־זאפט. דער טאטע האט דאך ליב טיי מיט ווארעניעס. און די מומע ראכע וועט מוחל זיין דעם גאנצן כיבוד פאר א גלאז זיסן טיי מיט קארשן.

— אבער ווער וועט קומען? וואס נאך דערלאנגען? — פארטראכט איך זיך.

— אהא, אריינגעכאפט! — לויפט דורך אבראשקע דאס עס־צימער, ווי א ווינט, און כאפט ביי מיר ארויס פון מיטן טיש א פאר שטיקלעך טייגל. איך וויין. כ'מוז ווייטער צולייגן כיבוד. ס'איז דאך ניט שיין. ס'שטעקט ארויס א לאך. בין איך צופרידן, וואס די מאמע איז אויפגעשטאנען. איך הער ווי זי דרייט זיך ארום אין שלאף־צימער.

— אה, דו ביסט דאך גאר א וואויל מיידל, אלץ שוין צו־געגרייט! — באווייזט זיך די מאמע אין דער טיר, א שמייכלענ־דיקע, אן אויסגערוטע. זי האלט איר שייטל אין האנט און גייט צום שפיגל אים אויסבארשטן. די פארדרייטע האר־קרייזלעך גלייכן זיך צו־ביסלעך אויס, ווערן ווייך, לייכט און צעלויפן זיך ווי א ווינטל, קלעפן זיך צו דער מאמעס קאפ און הויבן זיך אויף ווי בערגעלעך איינס אויפן אנדערן.

איך העלף דער מאַמען צונויפקלייבן די צעוואָרפענע שפּילקעס.

— דו ווייסט, מיין קינד, אַז די אורחים וועלן אַוועקגיין, וועלן מיר אַליין גיין צו־גאַסט צום פעטער בערע, — זאָגט מיר שטיל אָן די מאַמע, ווי אַ סוד, ביז וואַנען זי שטעקט אַריין אַ לאַנגע שפּילקע אין די האָר.

— אָה! יאָ, אמת? — פריי איך זיך.

פון אַלע קינדער גיי איך גאָר אַליין מיט טאַטע־מאַמע צו־גאַסט.

— אוי, מע קלינגט שוין! — איך לויף אַרויס אין פאָרצימער.

— גוט יום־טוב, פעטער! גוט יום־טוב, מומעטשקע! — דריי איך זיך אַרום.

דער פעטער חיים־לייב שמייכלט ווי אַלע מאָל. צוליב יום־טוב שיינט זיין רויטלעך פּנים נאָך רויטער. עס שטעקט אָבער נישט זיין שטענדיקער סיגאַר ווי אַ פאַרברענטער קוימען אין מיטן צורה. זיינע וואָנצעס ציטערן. אָט, אָט שפּרינגט פון אונטער זיי אַרויס אַ פאַרטיק גלייכווערטל. די מומע ראָכע, פאַרקערט, האַלט זיך שטיל.

— וואָס מאַכסטו, באַשענקע? — שמייכלט זי מיט אירע גוטע אויגן. פון אַלע מומעס איז זי טאַקע די נאָענטסטע. מיט איר פלעג איך פאַרברענגען אַ זומער צוזאַמען. אַריינלויפן צו איר אין מיטן וואָך — געוואָר ווערן. היינט קאָן מען זי גאָר נישט דערקענען. אַ מאָגערע, אַן אויסגעטריקנטע איז זי, באַ־האַנגען מיט גלעזערנע שטענגעלעך, אָנגעטשעפּעטע אויף איר שוואַרצער זיידענער מאַנטילקע. די מאַנטילקע אַליין איז אַזוי ברייט און לאַנג, אַז די מומע האָט אויסגעזען ווי אַ קליידער־הענגל פאַר איר. איך העלף איר זיך אויסטאָן. גיב אַ טרייסל די גלעזערנע שטענגעלעך.

— פּאַמעלעך, באַשענקע, וועסט מיר זיי צעברעכן. וואָס

וועט מיר בלייבן איבעראיאר, אם ירצה השם? — שטופּט זי מיך שטיל אָפּ.

— איר ווילט אויסטאָן אייער הוט? — פרעג איך זיך ווייטער אָן.

דער הוט ליגט אַ ביסל אויף אַ זייט פון איר קאָפּ און מיר דאַכט זיך, אַז דער מומען איז שווער צו טראָגן אים. אַזויפיל בלומען און בענדלעך זיינען אָנגעדרייט אויף אים. יעדן יאָר קומט צו אַ פרישע בלום.

— איר ווייסט, מומעטשקע, מאָרגן קומען מיר צו אייך. היינט גייען מיר צום פעטער בערע, — לאָז איך זי נישט אָפּ, ביז וואַנען זי טוט זיך לאַנגזאַם אוים.

— נו, אדרבא, קום טאַקע! איך האָב אָנגעגרייט גוטן כיבוד פאַר דיר, — שעפּטשעט מיר די מומע.

— באַשענקע, לאָז צורו! וואָס לאָזטו נישט אַריינגיין אַ מענטשן אין שטוב! — רופט מיך אָפּ די מאַמע פון ווייטן עס־צימער.

— גוט יום־טוב, אַלטע! גוט יום־טוב, שמואל־נח! — גייט ענדלעך אַריין דער פעטער אין שטוב מיט אַ ברייטן גוט יום־טוב, ווי ער וואָלט לאַנג נים געזען מיינע עלטערן. גיט אַפילו די האַנט דעם טאַטן און דער מאַמען. אין מיטן וואָך פלעגט ער זיך באַגנוגענען מיט אַ שמייכל.

— גוט יום־טוב, גוט יום־טוב!

דער טאַטע זיצט שוין ביי זיין דריטער גלעזל טיי.

— וואָס מאַכט איר, ראַכע? זעצט זיך.

אַלע צעזעצן זיך.

— נו, וואָס הערט זיך אין שטאָט? איר קאָכט זיך דאָך אין אַלע קהלשע זאַכן, — זאָגט דער טאַטע צום פעטער מיט אַ ווייכן שטאָך און מיט אַ באַהאַלטענעם פאַרדרוס, וואָס ער אַליין לעבט גאָר פאַר זיך.

— איך ווייס, מען זאָגט . . . אַז . . . . — הייבט אָן דער פּעטער דערציילן די שטאָטישע נייעס.

מיר הערן זיך צו מיט אָפענע מיילער. אַפילו פאַר דעם טאַטן און דער מאַמען זיינען געווען די נייעס — ניי.

און טאַקע, אויב ניט דער פּעטער, וואָלטן זיי נישט געוואוסט וואָס טוט זיך אין שטאָט.

דער פּעטער רעדט און רעדט. אַ צופרידענער, וואָס מען הערט זיך צו — צעקאָכט ער זיך אַלץ מער. די נייעסן פאַר־קרייזלען זיך, וואַקסן אויס אין אַ געשיכטע, ביז אַ צופעליקער גלייכווערטל האַקט זיי נישט אָפּ.

— פּעטער, נעמט אַ שטיקל טאָרט! — האַלט איך נישט אויס, וואָס מען האָט פאַרגעסן מיין כיבוד. דער פּעטער גיט מיר אַ וואונק מיט איין אויג און פאַרשטעקט הינטער זיינע נאָסע וואָנצעס אַ שטיקל טאָרט.

— עפּעס איין מאָל אַ טאָרט! — שטעלט ער זיך אָפּ אין מיטן קייען.

— דאָס האָסטו אויסגעקליבן, באַשקע? ביסט טאַקע אַ גרויסע מבינטע אין זיסע זאַכן. מען קאָן זיך שוין אויף דיר פאַרלאָזן! — טרייסלט ער מיט זיין באָרד. איך ווער רויט ווי אַ בורעק און באַהאַלט זיך הינטער דער מומעס שטול.

— מומע, אָט איז אַ הייסע גלאָז טיי, ערשט אָנגעגאָסן. — איך ווייס שוין ניט וואָס צו טאָן. איך האָב מורא, זיי וועלן ווייטער אָנהויבן דערציילן מעשיות.

— מומעטשקע, איר ווילט אַ געפּרעגלטע פלוים? — וויל איך זי פאַרשיכורן מיט דעם זיסן טעם פון האָניק. אָבער די מומע, אַ מאָדנע זאַך, פאַרגינט זיך גאָרנישט. פון דער פלוים גיסט זיך האָניק, מען קאָן זיך גאָרנישט איינהאַלטן, נישט אַ לעק צו טאָן. די מומע קוקט נאָר. האָט הנאה — נאָר פון קוקן אַליין. איך דריי זיך הינטער אַלעמענס שטולן, בעט זיך צו פאַרזוכן אַ שטיקל איינגעמאַכטס, צי אַ נים־טייגל. אָבער, דאַכט זיך —

אַלע זיינען אַ ביסל מיד, צי פון די מעשיות, צי פון דעם כיבוד. הויבט מען זיך צוביסלעך אויף. כ'דערלאַנג דער מומען איר מאַנטילקע און גיב זי שטיל אַ טרייסל — די פאַרדרייטע שוואַרצע שטענגעלעך זאָלן זיך אויסגלייכן.

— דו האָסט אַלע מאָל ליב געהאַט מיינע הענגעלעך, אַ, באַשענקע? — שמייכלט מיר די מומע אַ צופרידענע, וואָס כאַטש מיר געפעלט איר אַלטינקע מאַנטילקע. שעמעוודיקערהייט נעמט זי זיך פאַר איר הוט. אַ צעקנייטשטע פון יאָרן, קאָן ער זיך נישט אויסגלייכן אויף איר קאָפּ.

— גוט יום-טוב, אַלטע! אם ירצה השם, צו אונדז צו גאַסט! אַ דאַנק פאַרן כיבוד, באַשענקע! — גייט זי אַרויס נאָכן פעטער.

— אַ גוטן יום-טוב, אַ גוטן יאָר! — באַגלייטן מיר זי ביזן טיר.

— עפּעס געפעלט מיר נישט ראָכע, זעט אויס נישט גוט, — טרייסלט מיטן קאָפּ די מאַמע.

קיינער ענטפערט איר נישט.

מען צעגייט זיך וואו—ווער. דער טיש בלייבט שטיין אַן אַנגעוואָרפענער. די קינדער, פאַרבייגייענדיק, צעשלעפּן די איבערגעבליבענע שטיקלעך טייגל, טאָרט. מיר לעקן אויס די טעלערס.

* * *

— באַשקע! — שרייט אויף מאָרגן די מאַמע פון שלאָף-צימער. — טו זיך אָן! מיר גייען צום פעטער בערע.

— וואָס זאָל איך אָנטאָן?

— איך ווייס? טו וואָס אָן.

— מאַשע, וואו איז מיין בלוי קליידל? — לויף איך אַריין אַ פאַרטומלטע אין קיך.

— איז זי פאַרפאַלן געוואָרן, וואָס? אָט איז זי. טו זי אָן.

— איך גיב אייך אייער שוואַרץ קלייד, אַ באַרינקע? — פרעגט זי ביי דער מאַמען.

זי העלפט אונדז אָנטאָן זיך. געפינט די העקלעך ווי צו פאַר־שפּיליען. ביי מיר רייסן זיי זיך אַרוים פון די הענט.

— אַה, דו ווייסט, באַשוטקע, ביסט שוין גוט אויסגעוואַקסן פון דיין פּאַראַיאַריקן קליידל, — גיט מיר סאַשע אַ דריי אין אַלע זייטן. — לאָז, איך וועל דיר פאַנאַנדערלאָזן דיינע האָר, וועט שוין דיין קליידל אויסזען לענגער.

באַרשט זי מיר אוים מיינע צוויי לאַנגע צעפּ. אָן אוים־געבאַרשטע, אָן אָנגעטאָנענע, קוק איך צו: סאַשע גלייכט אוים דער מאַמען די שוואַרצע שפּיצן, וואָס לייגן זיך אוים רואיק און ברייט אויף די פּלייצעס פון איר שוואַרץ זיידענעם קלייד.

מיטאַמאָל — אַ שטערנדל גיט אַ בליץ אויף דער מאַמעס ברוסט. די מאַמע האָט צוגעשפּיליעט צו די שוואַרצע שפּיצן אַ בריליאַנטענע בראָשקע. אין אירע קליינע ווייסע אויערן האָט זי אַריינגעשטעקט אַ פּאָר פּיטשינקע בריליאַנטענע אוירינגלעך.

האָט די מאַמע אָנגעהויבן לויכטן אין איר שוואַרצן קלייד, ווי שטערנדלעך אין אַ שוואַרצער נאַכט. איך וויל גאָר ניט זי זאָל זיך רירן פון אָרט. אירע הענט פאַרבייגן זיך ווי צוויי פליגל. זיי שטעקן אַריין אין איר הוט אַ לאַנגע שפּילקע. צוויי שוואַרצע פעדערן וויגן זיך אַראָפּ פון ביידע זייטן, פאַרלויפן הינטער דעם הוט און וויגן זיך שוין אויפן קאָפּ.

מיר פאַרדריסט, וואָס איך האָב פריער נישט אָנגעמאָסטן אויף זיך דער מאַמעס פעדערהוט. אַ וויג טאָן זיך אונטער אים ווי אַ פויגל אויף אַ צווייג!

— צי האָסטו נישט געזען מיין צילינדער? — גייט אַריין דער טאַטע אַ פאַרשוויצטער. ער האָט שוין אָנגעטאָן דעם קאָלנער, די מאַנזשעטן. ער איז שוין מיד. ער וויל בעסער בלייבן אין שטוב... דער צילינדער שפּרינגט אַרוים פונעם שאַכטל, ווי אַ כישוף־מאַכער פון אַ שוואַרצער לאָך. די מאַמע גיט אים אַ גלעט, אַ בלאָז — דער גלאַנץ זאָל קומען אויף פאַרנט.

דער טאַטע טוט אים אָן. כ׳פאַרריים די אויגן — אַ קוק

טאָן. ער איז נאָך מער אויסגעוואַקסן. ער זעט אויס ווי אַ מויער מיט אַ שוואַרצן קוימען אויפן קאָפּ. דער טאַטע און די מאַמע גייען ענדלעך דורך דער טיר. דער צילינדער האָט זיך ניט אַ בייג געטאָן. דער מאַמעס לאַנגע פעדערן האָבן זיך רואיק אַ וויג געטאָן אונטער דעם גלאַנץ פון די בריליאַנטענע אויררינגלעך.

— קינדער, היט די שטוב! גייט נישט אַוועק אַלע מיט־אַמאָל, — קערט זיך די מאַמע מיטאַמאָל אום צוריק. כאָטש אָן אָנגעטאָנענע אין יום־טובדיקע קליידער, פאַרגעסט זי ניט די גנבים פון מיטן וואָך.

— מאַמע, קום! דער טאַטע איז שוין לאַנג אַוועק, — שלעפּ איך זי אָפּ פון טיר.

* * *

די גאַס — פול מיט מענטשן. אַלע גייען צו־גאַסט. שוואַרצע, ברוינע, גרינע, העלע יום־טוב קליידער. היט וויגן זיך אָנגע־בלאָזענע אין לופטן.

דער מאַמעס פעדערן בייגן זיך אָן אַ שיעור... אַנדערע היט, פול מיט בלומען, מיט בענדער, ווינקען אַנטקעגן, באַגריסן איינע די אַנדערע. די מאַמע קען דאָך יעדע פרוי פון שטאָט.

וואו איז דער טאַטע? איך זוך אַ צילינדער. מאַנצבילן גייען פאַר זיך. אויגן פאַרטראַכט, הענט פאַרדרייט אויפן רוקן. ווי אין חלום, שאָקלען זיי אַמאָל מיטן קאָפּ, מיט דער באָרד. די פרויען גייען אַזוי לאַנגזאַם, ווי זיי זאָל שווער זיין שלעפּן זייערע אָנגעפּאַקטע קליידער, זייערע גרויסע היט, אָנגעוואָרפענע מיט פאַרטריקנטע בלומען, ווי סכך אויף אַ סוכה. אוודאי קוועטשן זיי זייערע נייע שיך.

דער גאַנצער טראָטואַר איז שמאָל פאַר זיי. ווויל איך זיך דורכשטופּן פאָראויס, פאַרלויפט אַ מאַנטילקע און גיט מיר אַ שמיץ אין צורה מיט אירע שטעכעדיקע שפּיצן, ווי אַ פליג, וואָס גיט מיר אַ בים אין האַנט.

גיי איך אַריבער אויף די שטיינער. אמת, זיי שטעכן מיר

די פּיס. אָבער קיינער טשעפּעט מיך ניט. ביז די מאַמע קומט נעענטער צו מיר — האָב איך צייט זיך אויסרוען אויף די „טומבאַטשקעס“, וואָס צאַמען אָפּ דעם וועג, אַ טאַפּ טאָן דעם הילצערנעם טעלעגראַף־סלופּ. ער גיט מיר אַזאַ זשוזשע אין די אויערן, אַז איך האָב מורא — אַט טראָגט ער מיך אַוועק צו־זאַמען מיט דער טעלעגראַמע.

— מאַמע, וואו איז דער טאַטע? איך זע אים מער נישט.

— וואָס האָסטו מורא, נאַרעטשקע? ער איז שוין אַוודאי ביים פעטער.

איך האָב טאַקע מורא, אַז מיט די אַלע ווייבער, וואָס גייען, איך ווייס ניט וואוהין — וועלן מיר פאַרבייגיין דעם פעטערס הויז.

— מאַמע, קום גיכער, אַוודאי וואַרט דער טאַטע אויף אונדז.

— כאַפּ איך זי פאַרן אַרבל.

— אָט זעסט, אָט זיינען מיר שוין דאָ! — שטעלט זיך אָפּ די מאַמע ביי אַן אָפענעם לאָך, לעבן אַן אָפענעם טויער. איך לויף צום פעטערס פענצטער אויפן הויף אַ קוק טאָן צי דער טאַטע איז שוין דאָ. טאַקע — ער זיצט שוין ביים טיש און טרינקט אַפילו טיי.

די מומע מערע גייט אַרויס אַנטקעגן. אַ פאַנאַנדער־געוואָקסענע אין דער הויך, אין דער ברייט, זעט זי אויס ווי אַ סאָסנע־בוים: פון איר שמעקט מיט ליפּע־זאַפט.

איר פאַרברענטער פּנים — פול מיט זומערשפּרענקלעך. איר מויל — פול מיט ציינער. קליינע אייגעלעך פינקלען ווי הייסע קוילן.

— גוט יום־טוב, אַלטינקע! אַזוי צופרידן אַז מען זעט זיך, גאָט צו דאַנקען, געזונטערהייט. טו זיך אויס, באַשענקע, — פאַרשיט זי אונדז מיט לאַכנדיקע ציינער. העלפט אונדז אויסטאָן זיך. אירע לאַנגע הענט דרייען זיך אַרום, ווילן אונדז אַרומ־נעמען. זי הייבט אָן גלייך עפּעס שטילערהייט דערציילן דער

מאַמען. איילט זיך אויסזאָגן ביז מיר גייען אַריין צו די מאַנצ־בילן.

— האָסט נים? — גיט מיר אַ זשום אין די אויערן אַ הייזעריקע שטימע.

— קום גיכער שפּילן! — לויפט אַריין אַן אַנדער שוועסטער־קינד.

באָמקע און זיאָמקע זעען אויס ווי אָנגעשטאָפּטע באַראַ־באַנען. גראָבינקע, רויטינקע, שטעקן נאָך אַרויס פון זייערע קעשענעס שפּיציקע בייכלעך מיט נים. זיי שרייען אַזוי הויך, אַז מיר דאַכט זיך, זיי שיטן מיר אַרויס זייערע נים אין די אויערן אַריין.

— לאָזט צו־רו, קינדער! לאָזט אַ ביסל קומען צו זיך. וואָס דורעט איר דאָ? מען קאָן אַ וואָרט נישט זאָגן! — שטעלט זיי אָפּ די מומע מערע.

באָמקע און זיאָמקע מאַכן האָסטיק מיט די הענט הינטער אירע פּלייצעס און ציען מיך צו זיך.

די מומע מערע גיט זיך אַ דריי, ווי אַן אָפּגעהאַקטער בוים, און לאָזט מיך נישט אָפּ.

— אוועק, קינדער! גייט שפּילן אויפן הויף! — זי רוקט זיי אָפּ פון מיר.

— באַשענקע, קום אַריין! איך האָב אָנגעפּרעגלט אַזוי פיל גוטע זאַכן, אַז ס'וועט זיין אַ שאָד ווען דו וועסט דאָס נישט פאַרזוכן.

— אָט איז דיר אַ ווייכער מאַנדל. אוודאי מיט איינגע־מאַכטס האָסטו זיך שוין איבערגעגעסן אין דער היים! — לאַכט זי זיך פאַנאַנדער אויפן הויכן קול.

אַלע ווייסן, אַז איך האָב האַלט איינגעמאַכטס. קוים איך שעמעוודיק מיין מאַנדעלע. מיר ווערט עפּעס גלייך אומעטיק. דער מומעס צימערן זיינען קליין. אַלע זיצן רונד־אַרום. הויבן זיך די שוואַרצע רוקנס ביזן באַלקן. די פענצטער צוגערוקט צו

אונדז. מען זיצט ביי די ווענט. מען קערט זיך נישט אום איינער צום אַנדערן. מען רעדט שטיל צווישן זיך — יעדערער פֿאַר זיך.

דער פֿעטער בערע איז דער שטילסטער. כאָטש דער יינגסטער, זעט ער אוים פֿיל עלטער פֿאַר דעם פֿעטער חיים-לייב און עלטער פֿאַר זיין ווייב.

זיינע האָר — אַזוי ווייס, אַז זיין קאָפּ זעט אוים ווי אַן איבערגעדעקטער מיט אַ ווייסן ערשט-אויסגעוואַשענעם טיכל. אַ שטילער שמייכל באַהאַלט זיך אין זיינע שוואַרצע אויגן. אַ לאַנגע רואיקע נאָז, אַ ווייך מויל. נאָר זיינע געדיכטע ברעמען זיינען ווילד צעוואָרפֿן אויפֿן שטערן. ער האָט מורא אַ וואָרט צו זאָגן. אוודאי מיינט ער: יעדערער אַנדערער איז קליגער פֿאַר אים. זיצט ער ווי אַ פֿאַרשעמטע מיידל. זיינע בלאַסע באַקן ווערן רויט, ווען מען פֿרעגט ביי אים וואָס. צערעדט מען זיך טאַקע נישט ביים טיש.

נאָר די מומע מערע קאָכט זיך ווי אונטער אַ הייסן פֿייער.

— אייער טיי וועט זיך אָפּקילן, אַלטע! נעמט אַ ביסל וואַרעניעס, ר׳ שמואל-נח! איר וואָלט דאָך אַלע מאָל זאָגן, אַז ביי מיר איז געראָטענע וואַרעניעס. פֿאַרזוכט, אַלטינקע, די טייגלעך. איך קאָן זיך טאַקע באַרימען מיט זיי. באַשענקע, דו האָסט נאָך נישט אויפֿגעגעסן דיין מאַנדעלע! ווילסט אַ שטיקל טאָרט?

— ניין, מומעטשקע, אַ דאַנק. איך וויל מער גאָר נישט.

— וואָס עפּעס מער גאָרנישט? וואָס, דו ביסט, חלילה, נישט געזונט? חלילה, וואָס פֿאַרשאַדט? — פֿאַרדרייט זיך די מומע אַרום מיר ווי אַ גאָרל.

אַלע קוקן מיך אָן. כ׳זיץ עפּעס צו-רואיק. הינטער די פֿענצטער לויפֿן אַרום די שוועסטערקינדער און שיסן זיך מיט נים.

— מאַמע, קום אַהיים! — וואַרף איך זיך צו איר צו אַ פֿאַרשעממטע.

— וואָס עפּעס ווילסטו אַהיים? — גיט זי אויף מיר אַ קוק.

— און אפשר דאַרף מען זיך טאַקע רוקן אַהיים? — פאַרטראַכט זיך די מאַמע.

— וואָס איילט איר זיך, אַלטינקע? מען דאַרף דאָך נישט עפענען די קראָם, — פאַרזוכט די מומע איינרעדן.

— אַה, עס איז שוין שפּעט! ביז מען קומט אַהיים! — הייבט זיך שוין די מאַמע אויף פון אָרט.

אַלע אויפגעשטאַנען, זיך פאַרדרייט ווי צעוואָרפענע שפּיל־קאָרטן און איצט פאַר אַוועקגיין האָט מען זיך ערשט פאַנאַנדער־גערעדט. דער פעטער בערע האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אָנגעהויבן דערציילן דעם טאַטן אַ גאַנצע מעשה. אָבער איך בין שוין אויפן הויף.

— נאַרישע מיידעלע, פאַרוואָס האָסטו נישט געוואָלט שפּילן מיט אונדז? — זיצסט דאָרטן ווי אַן איינגעפּרעגלטע מיט די טייגלעך! — לאַכן מיך אויס באָמקע און זיאַמקע, פאַרשיטן מיך מיט הויפנס נים.

איך גיי אַוועק פון זיי, ווי אַ פאַרוואָרפענע מיט הייסע קוילן.

# אַ זומער מיט דער מומען

ווען מיינע עלטערן זיינען אַליין ניט געפאָרן אויף דאַטשע, האָבן זיי מיך אָפּגעשיקט אויף די זומערדיקע חדשים צו דער מומע רחל.

אַ שוואַכע, אַן איינגעדאַרטע, איז די מומע שטענדיק געווען אַ ביסל אומעטיק. זי האָט טאַקע ניט געהאַט פון וואָס פריילעך צו זיין. דער פעטער חיים לייב איז, פאַרקערט, געווען אַ פריי־לעכער.. ער האָט ליב געהאַט לאַכן און אויסלאַכן. מיט זיין שטענדיק־ברוינער געקרייזלטער באָרד איז ער נישט איינגעזעסן אין שטוב — ער איז אַ גאַנצן טאָג געווען אין דרויסן. ווייל דער טאַטע פלעגט קיינמאָל נישט נעמען אין ערנסט דעם פעטער — זיינען מיר קינדער אויך נישט געווען זייער דרך־ארצדיק צו אים. מיר האָבן טאַקע נישט מורא געהאַט פאַר אים, נישט געקוקט אויף זיינע געדיכט־אָנגעוואַקסענע ברעמען. אונטער זיי האָבן געבלישטשעט זיינע קליינע אייגעלעך. ער האָט געצויגן געשמאַק זיין ברוינעם ציגאַר, וואָס האָט געשטעקט אין זיינע געלע ציינער. מען האָט געקאָנט מיט אים אַ לאַך טאָן, דערהערן אַ מעשה, צי גלאַט אַזוי אָנרירן אים, אַ דריי טאָן זיין בערדל און זיך שפּילן מיטן ביינערנעם קעפּל פון זיין שטעקל.

די צווייטע קראָם, וואו מיינע עלטערן האָבן אוועקגעזעצט מיין פעטער און דער מומען, איז געלעגן אויף דעם אַנדער ברעג טייך. איז דער פעטער געקומען יעדן טאָג צו די עלטערן בעטן סחורה און ברענגען זיי די קאַסע. דער טאַטע האָט אים נישט גאָר געגלויבט, כאָטש ער איז געווען דער מאַמעס אַ ברודער.

קיין קהלשע זאַך פלעגט נישט דורכגיין אין שטאָט, אַז דער

פעטער זאָל פון דעם נישט וויסן. אין דער פרי אין שול, בייטאָג אויף דער גאַס, צי ביי די שכנים, אַרומיקע קרעמער, צי ביים רב פּאַרנאַכט — אומעטום האָט ער גערדאַרפט אַריינלויפן, זיך צוזעצן, וואָס אויסהערן, זאָגן אַ גלייכווערטל, דערציילן אַ שיינע מעשה, צי אַזוי אַ קוק טאָן אויף ווער ... ווען.

די שעהען זיינען געלאָפן און ער איז אַלץ נישט געווען אין קראָם, און אין דער היים אַוודאי נישט. גיך אָפּגעגעסן וואַרעמעס, צי איבערגעכאַפּט אַ גלעזל טיי — דאָס זיינען געווען די קורצע שעהען, ווען ער האָט געזען זיין פרוי, מיין מומע רחל... איז זי טאַקע געבליבן אַ גאַנצן טאָג אַליין.

זי האָט זיך אַרומגעדרייט אין קראָם. דער זייגערמאַכער האָט איר געהאָלפן — ווען עס זיינען אַריינגעקומען אַ פּאָר קונדן מיט אַמאָל. ביז זי האָט איינגערעדט איין קונד, ביז זי האָט איינגעחזרט עטלעכע מאָל די זעלבע רייד, ביז דער קונד איז אַוועק, קויפנדיק וואָס, אָדער גאָר מיט פּוסטע הענט — איז די מומע געוואָרן הייזעריק. אירע שפּאַקולן האָבן זיך קוים גע־האַלטן אויף איר שוויצנדיקער נאָז. אַ פּאַרמאַטערטע האָט זי געשוויגן און ווי אַ שולדיקע איז זי געבליבן זיצן אויף איר הויכן שטול הינטער דער צאָלבאַנק. אַז די קראָם איז געווען ליידיק פון קונים און דער זייגערמאַכער מיט זיין שוואַרצן פאַרגרעסער־גלאָז אין אויג האָט געהיט די קראָם, איז די מומע אַריין אין איר דירה — די פּאָר צימערלעך הינטער דער קראָם — און זיך געזעצט טרינקען מיט הנאה אַ גלאָז טיי מיט וואַרעניעס.

וועגן איבערכאַפּן אַ דרעמל אין מיטן טאָג איז דאָך ניט געווען פון וואָס צו רעדן — פלעגט זיך טאַקע די מומע איינ־מאַטערן פאַר דעם גאַנצן יאָר און זיך ראַטעווען אַ ביסל, ווען זי איז אַוועקגעפאָרן אויף זומער אין דאָרף. דעמאָלט האָט שוין דער פעטער אַליין געמוזט היטן די קראָם.

אויב די מומע האָט שוין געפּסקנט צו פאָרן אויף דאַטשע, — האָט די מאַמע געזאָגט, — זאָל זי שוין מיך אויך נעמען.

פלעגן מיר פאָרן ערגעץ־וואו ווייט. עס איז אפשר ניט געווען ווייט, אָבער מען פלעגט פאָרן אויף אַ באַן. אַראָפּגעקראָכן און ווייטער אַרויפגעקראָכן אויף אַן אַנדער באַן, און דערנאָך געזוכט אַ פורל און זיך געטרייסלט אויף אים. לאַנג האָט גע־דויערט אונדזער פאָרן, ווייל אין יעדער קליין שטעטל וואָס מען איז דורכגעפאָרן האָבן די אייגוואויגער זיך געמוזט דערוויסן ווער זיינען מיר און באַזונדערס — ווער מעס איז דאָס מיידעלע, וואָס פאָרט עפּעס אַנגעטאָן אין אַ ווייס זשאַקעטעלע. איך האָב זיי אַלע אָנגעקוקט דורך די לעכער פון דעם וואָגן. שוואַרצע זיינען זיי געווען, אין גרויע טיכלעך און פאַטשיילעס, אונטער וועלכע עס האָבן זיך געדרייט זייערע פּלייצעס. פאַרנומענע, פאַרזאָרגטע פּנימער, און דאָך צייט געהאַט זיך אָפּשטעלן אין מיטן פּלאַץ — פאַנאַנדערפרעגן די מומען און אונדזער פורמאַן. די מומע האָט געענטפערט אַלעמען, ווי זי זאָל זיי קענען פון לאַנג אָן, און אַז אונדזער וואָגן האָט זיך גערוקט שוין ווייטער — זיינען שוין די פּנימער געווען רואיקער, ווי זיי וואָלטן זיך דערוואוסט דעם גרעסטן סוד. זיי האָבן געשמייכלט און געוואונטשן אַ גוטע רייזע. די רעדער האָבן געקלאַפּט איבער די פּאָר הילצערנע ברעטער, וואָס מען האָט אויסגעלייגט אויפן וועג. און אַז די שוואַרצע ווייבער אין זייערע פאַטשיילעס האָבן געטונקלט פון ווייטן ווי קליינע פינטעלעך — האָב איך זיך אויסגעלייגט אויף די זעק פון שטרוי — איז מיר געווען ווייך. דער וועג איז געווען זאַמדיק. די ביימלעך פוןביידע זייטן זיינען זיך געפאָרן פאַמעלעך מיט אונדז צוזאַמען. אַ פרישע לופט האָט געבלאָזן אויף מיין צורה. עס איז געוואָרן אָוונט. מיר זיינען ענדלעך אָנגעקומען. דער פורמאַן האָט מיך אַראָפּגעשלעפּט אַ פאַרשלאָפענע.

אין צימערל זיינען געשטאַנען צוויי שמאָלע ווייסע בעטלעך — פאַר מיר מיט דער מומען. אָבער די גאַנצע צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אויף דער וועראַנדע, פאַרצוימט מיט אַ ליילעך פון זון און רעגן. די מומע האָט אָפּגעקאָכט אַ פּאָר געשמאַקע

מאכלים. פון דעם טעפּעלע מיט די געפּרעגלטע פלייש און בולבע האָט געשמעקט מיט זיסע ציבעלע און מיט דער מומעס אייגענע, נאָך נישט אויסגעוועבטע טרוימען. אין דער צייט ווען די מומע האָט זיך אויסגערוט נאָכן עסן — בין איך אַנטלאָפן אין פעלד. די זון האָט געברענט און זיך געגאָלדיקט אין די געלע שטעקעלעך פון דעם קאָרן און געמאַכט זיי נאָך געלער. איך האָב אָנגעריסן בלויע בלימעלעך און רויטע מאָנעלעך און באַהאַלטן זיי אין מיין נאָך רויטערן קליידל. איך האָב זיי אַנידערגעלייגט אויפן גראָז און פאַנאַנדערגעקליבן יעדעס בלי־מעלע. איך האָב געציילט מיינע יאָרן אין די בלעטעלעך. געגעבן אַ בלאָז אין די גאָר לופטיקע האָבן זיך אויפגעהויבן און זיינען פאַרשוואונדן. איך האָב אָנגעשטעלט טעפּעלעך איבער דער גאַנצער ווערענדע און געוואַרט אויף דער מומען, ביז מיר זיינען געגאַנגען זיך באָדן.

**
*

דער זאַמדיקער ברעג איז הויך. מיר טוען זיך אויס גלייך אויפן זאַמד. איך לויף אַריין אין וואַסער, צעשטופּנדיק די כוואַליעס מיט מיינע פיס. די מומע שווענקט זיך שטיל ביים ברעג. זי בויגט זיך איין אין וואַסער און הויבט זיך אויף, מאַכנדיק אַ „מיל" מיטביידע הענט. און אַזוי ווי עס ווערט איר אַוודאי מיאוס טאָן דאָס עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד — גייט זי באַלד אַרויס פון וואַסער. איך ליג שוין אויפן רוקן און דורך האַלב־צוגעמאַכטע אויגן קוק איך אויפן הימל. איך כאַפּ זיך אויף. לויף ווייטער אַריין אין וואַסער און שווים אַוועק אָן אַ זייט. די מומע רופט מיך, שרייט אַז דער טיי וועט קאַלט ווערן. מאַכט צו מיר מיט די הענט, אַז איך מוז אַרויסגיין פון וואַסער. גענוג — אַלע זיינען זיך שוין צעגאַנגען. אָבער ביז איך מאַטער זיך נישט אויס, שטעק איך נאָך אַלץ אין וואַסער.

איך זע פון ווייטן — די מומע האָט זיך לאַנגזאַם אַרויפ־געקלעטערט אויפן הויכן באַרג. זי שרייט צו מיר נאָכאַמאָל

הינטער די בוימלעך — איך זאָל גיכער ארויסגיין פון וואַסער, אַז דער סאַמאָוואַר קילט זיך — קריך איך טאַקע ארויס. כ׳וואַרף גיך אויף זיך אַרויף מיין קליידל און לויף דורך זאַמד און גראָזן צו אונדזער וועראַנדע. די מומע האָט שוין אויסגעטרונקען אירע פּאָר גלעזלעך טיי און וואַרט אויף מיר אויף צעשניידן דעם קעז־פלאָדן, אַ פּאַרגאָסענעם פון אויבן מיט אַ טייכל סמעטענע.

**

אָפּט פאָר איך אַרויס אויף אַ שיפל מיט מיינע שוועסטער־קינדער, וואָס וואוינען נישט ווייט אין דאָרף. אַ גאַנצע משפּחה פון פריילעכע אינגלעך און מיידלעך. איך רודער דאָס שיפל ביז איך קריג „בלאָזן״ אויף די ביידע הענט. אינדערפרי קומען זיי מיך אויפוועקן און אַוועקשלעפּן אין וואַלד — קלייבן יאַגעדעס. די קעפּעלעך פון די יאַגעדעס רויטלען זיך אַזוי שעמעוודיק אויף די גרינע צווייגעלעך, אַז איך גיב זיי אַ כאַפּ מיט ביידע הענט— ווי אַ קוש צו טאָן—און לייג זיי גלייך אין מויל אַריין. אָבער מיין קערבעלע הענגט אַ ליידיקס. מיט די שוואַרצע יאַגעדעס עס איך זיך איבער. פון די בלויע הענט און בלויען מויל ווערט זויער. איך וואַרף זיי שוין בעסער אין מיין קערבל. איך בויג זיך צו דער ערד ווי אַן אַלטינקע, טאַפּנדיק יעדן פּוס פון באָדן. און אַז איך שטעל זיך ווען אַוועק, ווייס איך ניט צי מיינע שוועסטער־קינדער זיינען ווייט פון מיר, אָדער צי בין איך גאָר אַליין אין וואַלד. יעדעס בלעטעלע טרייסלט זיך אויף, די ביימער קרעכצן. טרוקענע צווייגעלעך ברעכן זיך אינגאַנצן אָפּ פון די ביימער און פאַלן אַראָפּ. אַ פויגל ווערט דערשראָקן און גיט מיטאַמאָל אַ שוואונג מיט זיינע פליגעלען און זעצט זיך וואו ווייטער, אויף אַן אַנדער שפּיץ בוים. פון ווייטן זינגט אַ סאָלאָווייטשיק. אויף אַ רגע ווערט אַלץ שטיל און מען הערט נאָר אים. איך איאוקע, איאוקע צו די קינדער. זיי ענטפערן, דאַכט זיך. און אפשר „סטוקעוועט״ דאָס גאָר דער „דיאַטל״? איך ווייס ניט וואו איך בין. איך ווייס ניט, צי גיי איך פאָראויס, צי איך טאַפּטשע אויף

איין אָרט. דורך דיביימער בלישטשעט די זון. ליכטיקע רונדע שאָטנדלעך לייגן זיך אויס אויף אַלע צווייַגלעך. איך זע, אַ שוואַרצער זשוק גייט אַריבער דעם וועג. איך קוק — וואוהין קריכט ער. און אַז איך שאַר פאַנאַנדער מיט מייַנע פיס אַ קופּע פון דעם מוראַשקע־באַרג — בין איך מער צעטומלט ווי די מוראַשקעס. זיי יאָגן זיך ווי פאַרסמטע, זיי קריכן אויף מייַנע פיס. איך טרייסל פאַנאַנדער מייַן קליידל. עס ווערט מיר היים און שרעקנדיק. איך כאַפּ זיך אַרויס אויפן גרויסן וועג. מיר קלייבן זיך צונויף. יעדערער קוקט אַן זייַן קערבל — וויפיל ווער האָט אָנגעקליבן יאַגעדעס. מיר גייען אַלע צוזאַמען צוריק אַהיים.

**
*

נאָך אַ רעגן רופן מיך די אינגלעך גיין קלייבן שוואָמען. אומעטום אַזוי נאַס. נאַסע בלעטער אויף דער ערד. פון די ביימער קאַפּעט דיר אויף די האָר, אין האַלדז. מען פאַלט אַמאָל אַריין אין אַ קוויטשענדיקער בלאָטע. איך האָב ניט ליב קיין בלאָטעס. מיר דוכט זיך אַלץ, אַז איך זע זשאַבעס. ביי מיר קערט זיך איבער אינעווייניק, ווי איך דערהער זייער קוואַקעריי. דער־זע מיט אַמאָל די אויסגעוואַקסענע שוואָמען. זייערע קעפּלעך פאַלן אַן כחות אַראָפּ, ווי נאָר איך שלעפּ זיי פאַר זייערע פיסלעך, און אַלץ גליטשט זיך אין די הענט, אַז איך מוז זיך איינהאַלטן נישט צו מייקענען. עטלעכע זייַנען פאַרשימלט, באַוואַקסן מיט גרינעם מאָך. איך קען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז ווען איך ברענג זיי צו דער מומען, פּרעגלט די מומע זיי אויס אַזוי געשמאַק אין פּוטער און סמעטענע...

און אַזוי, אין שפּיל און שפּאַציר און עסן, באַמערק איך נישט ווי דער זומער לויפט אַוועק און איך פאָר שוין אַהיים — נאָך צוויי מאָל דיקער ווי איך בין געווען.

# אויף דאַטשע מיט די עלטערן

אַנדערש איז ווען די עלטערן דינגען אַליין אַ דאַטשע.

צוויי-דריי וועגענער מיט מעבל, מיט בעטגעוואַנט און עסנ־וואַרג פֿאָרן פֿאַראויס. אונדזער רויטע בהמה שלעפּט זיך פֿון הינטן, אַ צוגעבונדענע מיט אַ שטריק. מיט אַ פֿאַרדריסענעם קאָפּ מוקעט זי אין הימל אַריין.

סאַשע, די דינסט, איז אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן בעטגעוואַנט און זיצט מיט דעם גוי.

מיר קינדער פֿאָרן אָן מיט דער באַן איינציקע טעג שפּעטער.

די דאַטשע, פֿון גראָבע, רונדע בערוועניעס, שמעקט מיט סמאָלע — אַ זיסער טעם, ווי פֿון איינגעמאַכטס. די ווענט און די דילן — פֿריש און קלאָר.

די עלטערן קומען נאָר אויף שבת. די ברידער פּלעגן ניט אויסהאַלטן אַ גאַנצע וואָך אין דאָרף. בלייב איך פֿריי — אַליין. איך לויף זיך פֿאַנאַנדער איבער די וועלדער ווי אַ חיהלע. גרויסע סאָסנע־ביימער שמעקן. אַ בלויער קיילעכדיקער הימל דרייט זיך איבער זיי. דער וועג איז ליכטיק. די זון איז הויך און בליצט אויף די שפּיצן ביימער. צי דאָס בליצן אַ פֿויגלס אויגן. אונטער די פּיס שלעפּן זיך לאַנגע, שוואַרצע שאָטנס. זיי אַנטלויפֿן פֿון מיר, ווי איך רוק זיך פֿון אָרט.

איך גיי ווייטער און ווייטער. איך פֿאַרקריך צווישן די ביימער אַליין. איך האַק אָפּ מיט די פּיס די אָפּגעבראָכענע, טרוקענע צווייגעלעך און גיב צו נאָך מער טומל דעם רוישנדיקן

וואַלד — ווי איך אַליין וואָלט זיין אַ פויגל, וואָס סטוקעט און זינגט אויף די צווייגן.

איך זוך אויס אַ גרינעם, ריינעם פּלאַץ און לייג זיך פּאַנאַנ־דער. איך ליג אַזוי — די הענט הינטערן קאָפּ און קוק אויף דעם ליכט וואָס פליסט דורך די ביימער, אויף די שאָטן־רעדעלעך וואָס וויגן זיך. איך הער זיך צו צו דעם וואַלד. עפּעס פּייפט און זינגט. עפּעס בייגט זיך און קרעכצט, וויינט ווי אַ קינד... די גראָזן שעפּטשען אַרום מיר.

איך הער פון ווייטן ווי מען האַקט האָלץ. איך הויב זיך אויף. איך דערזע צוויי גרויסע גויים, באַוואַקסענע מיט שוואַרצע האָר און בערד. פּלייצעס ווי בערוועגעס. אין דער האַנט אַן אויפ־געהויבענע האַק, וואָס בלישטשעט אויף דער זון, פון אַ קעשענע שטעקט אַרויס אַ גרין פלעשל. פיר גרינע אויגן האָבן זיך אויס־געשטעלט אויף מיר, ווי איך זאָל זיין דער טייוול אַליין. מיין שרעק האָב איך פאַרשטעקט אין מיינע הענט. איך גיי פאַרביי ווי איך האָב זיי גאָרניט געזען. מיט אַן אָפּגעשטעלטן אָטעם הער איך זיך צו וואָס טוט זיך פון הינטן. ניט אומגעקערטערהייט זע איך ווי זייערע אַקסלען פאַלן שווער אַראָפּ. זיי גיבן אַ שפּיי אין די הענט און הויבן ווייטער אָן צו האַקן.

איך גיי אַרויס צום ברייטן טייך. וואַסערן שווימען. עס ווילט זיך אַרומנעמען זיי מיט מיינע הענט און לאָזן זיך פון זיי טראָגן.

מיט אַמאָל ווערט פינצטער. שוואַרצע וואָלקנס זיינען אָנ־געלאָפן און האָבן פאַרדעקט די בלויקייט פון הימל. ווייסע פייערן ברעכן אויס ווי אויסגעדרייטע מעסערס. זיי בליצן אין דער לופט. איך בויג זיך צו ווי אַ ביימעלע פון ווינט, וואָס שאָקלט זיך פון ווינט און דונער. עס גיט אַ גאָס איבער מיין קאָפּ. נישטאָ וואו זיך צו באַהאַלטן.

באָדן זיך ביי אַ געוויטער האָב איך אַזוי ליב. דער ברעג איז אָפּגעצאַמט פון דער גאַנצער וועלט מיט געדיכטע בלעטער. דאָס

וואַסער איז וואַרעם. די בליצן פאַרלויפן אין אַ זייט. איך קריך אַריין.

איך בין אַליין אין וואַסער, צוזאַמען מיט די ביימעלעך, וואָס טרייסלענדיקערהייט לאַכן זיי זיך אויס אי פון דונער, אי פון רעגן. מיינע קליידער ליגן נאַסע אויפן ברעג. איך האָב זיך איינגעוויקלט אין נאַסן ליילעך און אַ צוגעקלעפּטע צו אים לויף איך אַהיים.

ס'איז פּרייטיק פאַרנאַכט. אַלע טאַטעס און מאַמעס זיצן אויף זייערע וועראַנדעס און טרינקען טיי מיט וואַרעניעס. אַז זיי דערזעען מיך לויפן אַן איינגעוויקלטע אין אַ ליילעך, שטעלן זיי דערשראָקענע אַפּ זייערע טיי-שעלעכלעך.

**

אינדערפרי קריך איך אַרויס שטילערהייט פון בעט, אַז די טירן פון מיין צימער זאָלן ניט סקריפּען, און זעץ זיך אַוועק אויפן לאַנגן בענקל פון וועראַנדע, אונטערבויגנדיק די פיס.

איך הער ווייטע קולות פון די אויפגעשטאַנענע דינסטן. איך בלייב זיצן אַ שעה לאַנג ביי אַ ביכל.

אַנדערע דאַטשעס שטייען אַרום. אומעטום בלייבן די קינדער אַליין אַ גאַנצע וואָך. מיר שפּילן אין קראָקעט, דורכוואַרפנדיק די קייקלדיקע באַלן דורך אייזערנע טויערן. איז דאָס אַ פרייד, ווי איך זאָל אַריינפאַלן אין אַ גרויסער שטאָט.

נאָך וועטשערע קלייבן זיך צונויף קליינע און גרעסערע ביי עמעצן אויף אַ וועראַנדע, שפּילן און פויזען אונטערן טיש, קרייען ווי אַ האָן. מיר וואָלטן ניט אויפהערן צו לאַכן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביז עמעצער עפנט די פענצטער און שרייט אָן אויף אונדז. גייען מיר אַוועק זינגען אין וואַלד, כאָטש ער איז אויך פאַרשלאָפן.

איינגעמאַטערטע פון אַלע שפּילן, גייען מיר קוקן ווי עס קומט אָן און ווי עס פאָרט אַוועק די באַן. די גאַנצע סטאַנציע איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגן הילצערנעם בענקל און אַ האַלב

דערכל איבער אים. איבער די גליטשיקע, שטאָלענע רעלסן לערנען מיר זיך לויפן ווי אַן אַקראָבאַט אויף אַ דראָט.

מען הערט שוין דאָס פייפן פון דער באַן. זי רוקט זיך שוין אַ פּאַרסאָפּעטע צו אונדז. לויפט אַרויס פון אַנטקעגנדיקן הויז דער פאַרשלאָפענער נאַטשאַלניק און הויבט אָן צו באַרואיקן די באַן מיט זיין גרינער און רויטער פאַטשיילקע, ווי די באַן זאָל זיין אַן אַנגעלאָפענער ווילדער אָקס. די באַן גיט אַ פייף, נעמט אָן לופט און הויבט אָן פּריילעך, פּאַמעלעך און דערנאָך אַלץ גיכער אַנטלויפן פון אונדז, ביז זי פאַרשווינדט אינגאַנצן און מען זעט נאָר דרייען זיך אין הימל אַ דין שנירל רויך.

**
*

איינמאָל אַ פרייטיק ביינאַכט. מיר שלאָפן שוין. מיט אַמאָל דערהערן מיר קולות, געלעכטער. מיר כאַפּן זיך אויף. איך בלייב ליגן אין בעטל און קוק דורך די לעכער פון די לאָדנס. דאָס זיינען געקומען פון שטאָט אויף שיפלעך חברים פון מיין עלטערער שוועסטער מיט איר צוזאַמען. זי האָט אויפגעוועקט חוה די קעכין, און האָט אַרויסגעשטעלט אויפן טיש פון דער ווערענדע אַלץ וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאַר אונדז אויף מאָרגן. לאַכנ־דיק און שרייענדיק האָבן זיי אויפגעגעסן די גאַנצע פיש, די קאַלטע הון און פאַרגעסן, אַז אַרום אויף אַלע דאַטשעס שלאָפט מען שוין לאַנג. האָט דער רבי ניט אויסגעהאַלטן און ער איז אַרויס אַ באָרוועסער אין זיין ווייסער לאַנגער העמד און אָנגע־הויבן טרייבן זיי מיט זיינע לאַנגע הענט. זיינע גרויע האָר אויפן קאָפּ און זיין באָרד האָבן זיך געטרייסלט ווי פון אַ ווינט. מיט אַ הייזעריקן קול האָט ער געשריען:

— ממזרים, אַוועק פון דאַנען! אייער רוח זאָל דאָ מער ניט זיין!

און כאָטש די אַלע חברים מיט דער שוועסטער זיינען גע־ווען סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געקעמפט מיט דער פּאָליציי אַליין, אָבער פאַר דעם רבין האָבן זיי גלייך מורא געקראָגן און

זיינען זיך אַלע צעלאָפן ווי קליינע קינדער. מ׳האָט נאָר געהערט פון ווייטן ווי זיי האָבן אָנגעהויבן זינגען אין וואַלד און ווי זיי זיינען ווידער אַראָפּגעקראָכן צום טייך, וואו די שיפלעך האָבן אויף זיי געוואַרט.

קוקנדיק אויף זיי אַלעמען דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס האָט מיך פאַרדראָסן פאַרוואָס איז מיין שוועסטער ניט צוגעגאַנגען צו מיר.

***

דער זומער לויפט אַוועק גאָר גיכער ווי ער קומט. טעג פאַר־קירצן זיך. די אָוונטן זיינען שוין קאַלט און אומעטיק.

אַרום און אַרום קלייבן זיך וואָגנס שוין אָנגעפּאַקטע — צוריק אין שטאָט.

איך פאַרבלייב די לעצטע. איך גיי נאָכאַמאָל אַרום די דאַטשעס מיט די פאַרקלאַפּטע פענצטער. איך גיי אַרויף אויף די פּוסטע וועראַנדעס און פון דאָרטן קוק איך ווי די ביימער פאַררוקן זיך פון אומעט און בלייבן שטיל שטיין. דאָס גראָז איז נידעריקער געוואָרן און אַ ביסל אָפּגעקראָכן. איך שאַר שטילער־הייט דעם זאַמדיקן וועג צו דער סטאַנציע, וואו באַלד וועט אָנ־קומען די פייפנדיקע באַן און מיך מיט געוואַלד אַוועקשלעפּן צוריק אין שטאָט אַריין.

# די באַן

איך האָב געמיינט: מיט אונדזער שטאָט ענדיקט זיך די וועלט, ווייל ווען איך בין אויפן וואָקזאַל זע איך, אַז אַלע באַנען קומען אָן קיין וויטעבסק פון איין זייט און פאָרן אַוועק פון דער אַנדערער זייט.

אונדזער טייך דווינע שווימט אויך צו אונדז פון איין זייט און שווימט אַוועק אין דער אַנדערער. די זון אַליין פאַרשווינדט אין אַן אַנדער עק הימל.

איז אונדזער וויטעבסק דער אָנפאַנג, צי דער סוף פון דער וועלט?

בין איך אויפן וואָקזאַל צעטומלט. וואוהין וועט היינט אַוועקפאָרן די באַן? אין וואָס פאַר אַ זייט? מיט מיר צוזאַמען קאָכט זיך דער וואַרט-זאַל. אַלע וואַרטן אויף דער באַן. אָט וועט מען באַלד אָנקלינגען אַלע דריי מאָל מיטאַמאָל, און די באַן וועט אַנטלויפן און זיי איבערלאָזן ווי אַ פאַרטריבענע סטאַדע. וואַרט מען אויף דער באַן ווי אויף משיחן. גיבן די פענצטער אַ ציטער, גיט אַ פינטל אַ פלעמל פייער, גיט אַ שמעק אַ ריח, וואָס לעקט דאָס גלאָז פון דרויסן מיט אַ שוואַרצער צונג — היצט זיך אויף דער זאַל.

עס פאַרט אַרוים נאָר אַ לאָקאָמאָטיוו. ווי אויף אַ שפּאַציר, זיך לערנען פאָרן. דער עולם גיט זיך אַ ריס פון די ערטער.

— גיי, האָב רחמנות, גיב אַ קוק וואָס איז עס פאַר אַ באַן?

— בעט זיך אַ אידענע ביי איר מאַן.

— וואו הערסטו אַ באַן? — שטופּט ער אָפּ פון זיך אַ טשעמאָדאַן.

— איך זאָל אַזוי וויסן פון קדחת, ווי איך ווייס וואָס!

— לאָמיר שוין אַרויסגיין פון דאַנען. וואָס האַלט מען אונדז דאָ איינגעשפּאַרט.

— שאַ, זייט רואיק אַ מאָל! מע וועט גאָר נישט הערן, ווי מען וועט קלינגען צו דער באַן, — שטעלן אַלע אָן די אויערן.

זיצט מען צוגעפּרעסטע איינע צו די אַנדערע. רירן זיך די פּעק פון אָרט, הענגען אויף די פּלייצעס — דוכט זיך, אַלץ לויפט שוין, ווי די ערד לויפט אונטער דער באַן. די לופט אַליין, דרייט זיך אין אַ ווינטל און בלייבט הענגען ווי אַ שפּינערעדל אויף אַ שטראַל.

דער „שווייצאַר" — דער טיר־היטער פון וואַרט־זאַל — איז הויך און גראָב, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שטאָט, פון וואַנען עס הויבט זיך אָן די וועלט.

דער וואַרט־זאַל איז גרויס. הויכע, ברייטע פענצטער. פון באַלקן פאַלט אויף זיי אַראָפּ אַ כוואַליע פאָרהאַנגען. דער בופעט מיט לאַנגע טישן, מיט ווייסע טישטיכער, בלישטשעט ווי אַן אויבנאָן פון אַ קלויסטער. זילבערנע כלים, גלאָזוואַרג, שפּיגלען און קרייצן זיך מיט דעם אָפּשיין פון די שפּיגלען און זינקען אין די טונקעלע בגדים פון די פּאַסאַזשירן.

עס האָט זיך אָנגעקליבן אַן עולם. איך האָב מורא, אַז די גאַנצע שטאָט האָט זיך אַריבערגעקליבן אַהער מיטן גאַנצן האַק און פּאַק. מען פּאַרלאָזט וויטעבסק. איז ווי וועט זיין אַ שטאָט אָן מענטשן? אפשר האָט מען איינגעפּאַקט די הייזלעך אויך, און מען שיקט זיי אויך וואוהין אַריבער?

— אַ קלייניקייט, אַזאַ וועג! — בלאָזט אוים אַ פּאַר־שוויצטע דיקע פרוי, אָן אָנגעפּאַקטע מיט בגדים, אַרומגערינגלט מיט פּעק און פּעקלעך. זי גיט זיך אַ צי דאָ אין איין זייט, דאָ אין אַן אַנדער זייט. עס ווילט זיך איר רעדן.

— און טאָמער כאַפּט מיך אַ קרענק אין מיטן וועג? — שטעלט זי זיך אָפּ.

איר גאַנצע משפחה איז געקומען זי באַגלייטן. יעדערער

שטייט ווי אַ שולדיקער לעבן איר. מען ווייסט נישט וואָס צו זאָגן. די פּרוי זופּט זייער אָטעם. אירע אויגן פאַרשטאָפּן זיך מיט טרערן.

— און וואָס וועט זיין מיט עסן, שלאָפן? — צעלאָזט זי זיך ווייטער. — מען קריכט אַמאָל אַראָפּ פון באַן מיט אַ גע־שוואָלענער באַק פון אַ צוג־ווינט!

אַלע האָבן אויף איר אָנגעשטעלט די אויגן. זי גיט זיך אַ כאַפּ פאַר דער באַק. זי גיט אַ שאַר אירע האָר אונטערן קאָפּטיכל. אירע געדאַנקען, ווי שטיינער, קערן זיך איבער אין איר קאָפּ.

אָפּגעלעבט אַ פּאַק מיט יאָרן מיט איר מאַן, אָפּגעזעסן איר גאַנץ לעבן אויף איין אָרט, און מיט אַמאָל האָט זיך איבער־געדרייט דאָס גאַנצע רעדל. דער טויט האָט אַוועקגעשלעפּט איר מאַן און זי אַליין האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט.

— קינדער, גענוג אייך צו וויגן זיך אויף די פּעקלעך! איר וועט דאָך מאַכן אַ תל פון אַלע זאַכן! — לאָזט זי אויס איר האַרץ.

— מאָטל, — גיט זי זיך אַ וואָרף צו איר עלטערן זון, — דו מיינסט איך האָב גאָר נישט פאַרגעסן? אוי, ווי איז מיר, וואו איז מיין קליינער האַנטזעקל? איך האָב געוואוסט, איך וועל וואָס פאַרלירן! — זי קנאַקט אויס יעדעםביינדל פון אירע פינגער, ווי זי וואָלט געוואָלט באַשטראָפן אירע הענט, וואָס האָבן איבער־געלאָזט דעם האַנטזעקל.

— קינדער, גיט גלייך אַ קוק אַרום זיך! וואָס קוקט איר מיך אַלע אָן? איר ווייסט גאָרנישט, אַז אויף דער באַן איז פול גנבים. אָט נעמט דעם גוי וואָס דרייט זיך דאָ אַרום. ער זאָגט — ער איז אַ טרעגער. ער איז דאָך דער ערשטער גנב. מען זעט עס נאָך זיינע אויגן. ער מיינט, מען איז נתפעל פון זיין רויט היטל.

— מומע, אָט איז דאָך דאָס זעקל אויפן בענקל אונטער אייך! — קוויטשעט אויס אַ יונגע פלימעניצע.

— אַ געזונט צו דיינע יאָרן! — גיט זי איר אַ קניפּ אין

באק. — קוקט זי אן, וואס פאר א חכמה זי איז! — האט מען אנגעשטעלט די אויגן אויף דער קליינער מיידל.

— ווער קאן עס איינהאלטן אלע פעקלעך אין קאפ? — הייבט זי וייטער אן. — איך האב מורא עס אפילו ארויסצו־ברענגען פון מויל: עס איז דאך דא גנבים, וואס שניידן דיר דעם בייטל פון די קעשענעס ארויס.

— שיינע גיטל! וואס רעדט איר זיך אלץ איין! נאר איר זוכט קאפּוויטיקן! — שטעלט אריין א ווארט אן אלטער קרוב. — עס פארט ארום א וועלט מיט מענטשן, און יעדערער, מיט גאטס הילף, פארט אוועק און קומט צוריק.

אבער שיינע גיטל זיצט ווי אויף נאדלען. וואס פארשטייט דער אלטער פעטער אין א באן? ער קען נאר דעם וועג פון בית־מדרש ביז זיין היים. זי הערט זיך נישט צו צו זיינע רייד. גיט ווער עס איז אין זאל א שנייץ די נאז — ציטערט זי אויף:

— אוי, די באן האט א פייף געטאן! טאמער וואלט איר פארט ארויסגיין א קוק טאן, צי איז זי שוין דא? זי קאן דאך אונטערשפרינגען יעדע רגע. ווער וועט האבן צייט איבער־צוציילן אלע זאכן?

מיט אמאל גיט זיך א שטעל ביים טיר דער הויכער „שווייצאר". זיין לאנגע רויטע קאפּאטע גיט א פאל ביז די פיס, ווי עס וואלט זיך ארויסשטעקן א רויטע פאן. די זילבערנע קנעפּלעך אויפן ברוסט צינדן זיך אן ווי פייערלעך. דער שווייצאר גיט א הוסט אין האנט. מען שטעלט אן די אויערן. ער הייבט לאנגזאם אויף זיין האנט — ווערט נאך העכער. דורך זיינע פינגער גיט א בלישטש א מעשן גלעקל. נאך איידער ער האט א קלונג געטאן — גיט דער עולם א שפרונג פון ארט.

— ערשטער קלונג! סמאלענסק, בריאנסק, אריאל! ערש־טער קלונג!

דער שווייצאר הודיעט ווי א גלאק, פארשרייט דעם זאל, הילכט אפּ אין אלע ווינקלען, וועקט אויף די פארשלאפענע.

— וואו? וואוהין פאָרט די באַן?

— דו האָסט דאָך געהערט!

— דער גוי איז נישט קראַנק איבערצוחזרן. ווער איז מחויב אַלץ אויסהערן צום ערשטן מאָל?

— נעם בעסער אַרוים דיין בילעט, צייל איבער די פעקלעך!

— וואוהין אַנטלויפסטו, שלימזל? נעם דאָס קינד אויף די הענט, מען וועט נאָך פאַר אים בעטן אַ בילעט. — און וואָס שטייסטו, פּרא אָדם? גיי, לויף, פאַרכאַפּ אַן אָרט!

אַלע גיבן זיך אַ לאָז צו דער טיר.

— האַלט! — שטויסט מען זיך אָן אַן דעם שווייצאַר, ווי אויף אַ וואַנט.

— די בילעטן! ווייזט די בילעטן!

ווען אַן ער וויל, לאָזט ער דורך.

— וואוהין קריכסטו? דו פאָרסט דאָך אויף דווינסק! די באַן גייט אויף סמאָלענסק. — שטעלט ער אָפּ. מיט זיין צווענגל לעכערט ער דורך די בילעטן, ווי ער זאָל מאַכן אַ לאָך אין האַרצן.

— צווייטער „זוואָנאָק" — סמאָלענסק, בריאַנסק, אָריאָל! צווייטער „זוואָנאָק"!

זיין קול ציט און שלעפּט. קיינער בלייבט ניט זיצן. אַרום די טישן לויפן די קעלנערס.

— אַ חוצפּה! — זיך אָוועקזעצן עסן אַ גאַנצן וואַרמעס, ווען די באַן איז אויפן קאָפּ!

— דריטער קלונג!...

איך וויים נישט אויף וועמען פריער קוקן. יעדנס פאַרכאַפּטער אָטעם בלאָזט זיך מיר אין מויל אַריין.

מיט אַמאָל ווערן מיר אַלע טייער, נאָענט, ווי לייבלעכע קרובים, וואָס פאָרן אַוועק און לאָזן מיך איבער אַליין. און וואָס וועט זיין מיט דער שטאָט? וועלן זיי קומען צוריק?

די באַן קנאַלט, ברענט מיט קוילן, שלינגט איין וואַגאָנען מיט מענטשן. פון אַ פענצטער פון ערשטן קלאַס גיט אַ בלישטש

מיט זיינע גלעזערנע אויגן א הויכער פריץ. אים ארט גאר נישט וואס ער פארט אוועק. מסתמא איז אים נישט פריילעך, ווייל ער איז אליין אין זיין וואגאן. דורך די שויבן זעט מען די יידיקע פליושענע סאפקעס. ציכטיקע צוקאפנס־שפיצן ווארטן אויף א לעבעדיקן קאפ.

צו אן אנדער פענצטער איז אונטערגעשפרונגען, ווי פון א בילד אראפ, אן אויסגעפוצטע פרוי. זי האט צו מיר א שמייכל געטאן, און אפשר שמייכלט זי צו זיך אליין? זי קוקט אין שויב ווי אין א שפיגל.

אין דריטן קלאס שטיקט מען זיך און דא שטייען זיי ביידע ווי פארצעלייענע פופעס. די באן גיט א קרעכץ. די פאסאזשירן גיבן זיך א שאקל. די באגלייטער שפרינגען אונטער.

— גיי ארויף! אין וואגאן אריין!

— פארט געזונטערהייט!

— זע, פארכאפ אן ארט לעבן פענצטער! זע, פארקיל זיך נישט! שטעל אן דעם קאלנער.

קולות שטופן זיך פון די פענצטער, טירן, פאלן אין די מיילער פון באגלייטער, בלייבן הענגען מיט די ווייסע נאזטיכלעך צוזאמען.

עס געזעגנט זיך די באן מיט אונדזער שטאט. דער רויך יאגט זיך ווי א וואלקן. פונקען פייער שפריצן. דער צוג גיט א קרעכץ, שטופט אפ די רעדער און גיט א שלעפ נאך זיך איין וואגאן נאך אן אנדערן. עס גיט א בליץ דער נאקעטער רוקן פונעם קוילן־ברענער, ווי ער זאל אליין סמאליען אויף הייסע קוילן אין גיהנום.

ווי נאך א לוויה קער איך זיך אום צוריק. די באן לויפט און איך לויף צוריק אין שטאט. ווי א שטוב איז זי געבליבן ליידיק. זיינען געבליבן כאטש די ביימער? ווי אויפגעהויבענע הענט זיינען זיי איבערן שטאט פארשפרייט. ס'איז געווארן שטיל.

איז די שטאט אויך אנטלאפן?

# דער געבורטסטאָג

פאַר דיר

געדענקסט, מיר זיינען געזעסן איין זומער אָוונט, אויף אונדזער הויכן ברעג טייך, נישט ווייט פון בריק? געדענקסט דעם קליינעם סעדל אַרום?

דאָס בענקל איז געשטאַנען אויף דער סאַמע שפּיץ פון סקאָסן ברעג. אונטער אונדז איז געלעגן דער טייך שטיל פאַרדרעמלט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן גיין צו שלאָף.

אַרום די פיס — הויכע גראָזן, וואָס גליטשן זיך באַרג-אַראָפּ, מיט די בלימעלעך, מיט די קורצע ביימעלעך, וואָס שטעקן פון גראָז אַרויס.

אונדזער באַנק איז קליין און שמאָל. אונדזערע קעפּ הענגען אַריבער, קוקן צום טייך אַרונטער.

מיר זיצן און שווייגן.

וועגן וואָס רעדן?

מיר האָבן זיך שוין אָנגעקוקט אויף דער זון, וואָס איז אונטערגעגאַנגען אַנטקעגן אונדז.

ס'האָט לאַנג געדויערט, ביז זי איז פאַרשוואונדן. אַ לאַנגע צייט האָט זיך די זון געהנדלט, געררויטלט, געטוליעט זיך צום הימל. אַריבערגעגאַנגען פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן. גע־וואָרפן אַרום זיך פייער, אָנגעצונדן די ווייטע שטאָט מיט די צלמים פון די קלויסטערס, ביז אַן אויסגעמאַטערטע, אַן אויס־געבלייכטע איז זי ערגעץ-וואו פאַרלאָרן געגאַנגען.

האָבן מיר אויף איר געקוקט, פון אונדזער הויכן ברעג, ווי

פון אויבן אַראָפּ, ווי מיר וואָלטן געווען העכער פּאַר איר.

ס׳איז וואונדערלעך, ווי דער הויכער ברעג ציט זיך צום הימל אַרויף און ווי צו דעם פלאַכן, נידעריקן ברעג — לאָזט זיך דער הימל אַליין אַראָפּ.

די זון אַוועק, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין וועג, ווי אַ סטאַדע געקרייזלטע שעפּסעלעך, קליינע, ווייסע וואָלקנס, אַנגעוואָרפן זיך אויף אַ שטיקל הימל, לאָזן אים נישט אָפּ, פאַרטרייבן יעדעם שטערנדל, וואָס האָט געוואָלט אַ בליץ טאָן פון דער הויך.

אָט קומט אָן פון דער זייט אַ גרויס שטיק טונקל־בלויער הימל און פאַרטרייבט די וואָלקנס הינטער זיך. מיר זיצן, קוקן. מיר וואַרטן אויף דער לבנה.

ווען וועט מען זי לאָזן אַרויסגיין?

אַ קוק אָן אַ זייט און מיט אַמאָל איז זי שוין דאָ. אין איין רגע איז זי דורכגעקראָכן דעם טונקעלן הימל, אַריבערגעשפּרונ־גען די וואָלקנס און האָט אַרויסגעוואָרפן אַ שיין, אַז ס׳איז געוואָרן ליכטיק אין די אויגן.

און אָט באַהאַלט זי זיך ווידער און רוקט זיך אונטער הינטער אַ טונקעלער כמאַרע. אַרויסגעשטעלט אַפּריער אָן אויג, דערנאָך אַ גאַנצע באַק, די אַנדערע באַק פאַרשלייערט און אין דער נאַכט פאַרפאַלן געגאַנגען.

ווי אַן אמתע שטיפעריקע רייצט זיך די לבנה, שפּילט זיך צו מיט די וואָלקנס, וואָס שטופּן זי אָפּ, דאָ — מיטן טייך, וואָס כאַפּט זי אונטער, ווי זי קומט אַרויס און טובלט זי אין וואַסער אַריין, צי אפשר שפּילט זי זיך גאָר מיט אונדז? זי ווייס, די לבנה — מיר זיצן און קוקן נאָר אויף איר.

ערשט איז געווען טאָג און אָט איז נאַכט... מען זאָגט, יעדער איז געבאָרן אונטער זיין שטערנדל...

איך גיב זיך אַ קער צו דיר.

דיינע אויגן, אַנגעזאַפּט מיט הימל, בלישטשען.

— הער, ווי אַלט ביסטו? — גיב איך מיט אַמאָל אַ פרעג.

— ווען ביסטו געבאָרן געוואָרן, דו ווייסט? —

גיסט אויף מיר אַ קוק, ווי איך וואָלט פון הימל אַראָפּ־געשפּרונגען.

— ווילסט טאַקע וויסן? אַפּטמאָל האָב איך מיך אַליין גע־פרעגט. מיין טאַטע האָט מיר אַמאָל אַ זאָג געטאָן, אַז צוליב דוד'ן, מיין ברודער, כּדי ער זאָל האָבן כאָטש אַ שטיקל „לע־גאָטע", האָט ער מיך פאַרשריבן מיט צוויי יאָר עלטער.

— גאָט וועט מען דאָך סיי ווי סיי נישט אויסנאַרן — האָט דער טאַטע זיך באַרעכטיקט — און אַז מען וועט זאָגן אַ ליגן דעם „איספּראַווניק", וועט גאָט מוחל זיין. אַבי דוד זאָל נישט דאַרפן גיין דינען. —

— איז ווען ביסטו פאָרט געבאָרן געוואָרן?

— ווילסט, וועלן מיר אויסרעכענען. איך בין דער עלטסטער. פון די שוועסטער — איז ניוטע די עלטערע. נישט לאַנג האָב איך געהערט, ווי די מאַמע האָט אַ וואָרף געטאָן דעם טאַטן ביי דער וועטשערע:

— כאַטשע, וואָס גיסטו גאָר נישט אַ טראַכט וועגן כאַנקען?

— אַזוי רופט מען אונדזער ניוטע. — אַלץ פאַלט אויף מיינע פּלייצעס. ביז וואַנען וועט זי זיצן? איר איז דאָך, גאָט צו דאַנ־קען, באַלד זיבעצן יאָר. גיי אַריין צו מרדכי דעם שדכן, דו גייסט דאָך סיי ווי סיי פאַרביי . . .

— איז הער צו, ווען ניוטען איז זיבעצן, דאַרף איך העכסטנס זיין ניינצן.

— אין וועלכן טאָג ביסטו געבאָרן געוואָרן, ווייסטו נישט?

— וואָס דאַרפסטו אַלץ וויסן? ס'וועט ווערן אַלט . . .

— אַלץ? נאָר ווען דו ביסט געבאָרן געוואָרן.

— ווער ווייס? ווער קאָן עס וויסן, חוץ דער מאַמען? — און די מאַמע האָט אוודאי פאַרגעסן. געהאַט אַזוי פיל קינדער.

נאָר ווען די שוועסטער קריגן זיך מיט מיר, וואַרפן זיי מיר צו:
„ביסט דאָך אַ משוגענער, ביסט געבאָרן געוואָרן אין תמוז...“

מיט אונדז צוזאַמען צעלאַכן זיך אַלע שטערנדלעך, וואָס זיינען אַנגעלאָפן אויפן הימל, ווי געקומען אויסהערן פון אויבן דיין מעשה.

— ווייסט וואָס איך מיין? ס'ט זאָגן, איך בין אַ נאַר. אָבער מיר פאַלט איין, אפשר ביסטו פּאַרט געבאָרן געוואָרן אין דעם יאָר, ווען דער טאַטע האָט דיך פאַרשריבן? נאָר פון דער ערשטער רגע אָן ווי דו ביסט געקומען אויף דער וועלט, האָסטו זיך דערשראָקן און ביז וואַנען דו ביסט געקומען צו זיך, זיינען פאַרביי די פּאָר יאָר . . .

— מיינסט עס אויף אָן אמת? —

דו ביסט שוין געווען גרייט זיך אָנצוכמארען, ס'ט זיך אָנגערוקט, ווי דער הימל, וואָס איז אויך געוואָרן אויף דער רגע שוואַרץ.

— פאַרשטייסט נישט, אַז איך האָב געלאַכט? — האָב איך מורא אָפּילו אַ שמייכל טאָן.

— ביסט דאָך נישט ברוגז, אמת?

כ'ווייס שוין אַליין נישט ווי אַזוי, אָבער איך האָב פּאָרט געטראָפן, כ'האָב אויסגערעכנט ווען ס'איז דיין געבורטסטאָג.

***

דעם טאָג, פון אין דער פרי אָן, בין איך אַוועקגעלאָפן הינטערן שטאָט, אָנגעריסן אַ גאַנצן פּאַק מיט בלומען.

איך געדענק נאָך, ווי איך האָב צעדראַפּעט מיינע הענט, געוואָלט אָנרייסן הויכע בלויע בלומען, וואָס זיינען געוואַקסן הינטער אַ פּלויט. אַ הונט האָט אויף מיר אָנגעהויבן בילן.

כ'האָב זיך קוים געראַטעוועט, נאָר די בלומען נישט אַרויסגעלאָזן פון די הענט. אַזעלכע שיינע! כ'בין אַנטלאָפן אָנרייסן נאָך בלומען, גלייך אין פעלד אריין, געריסן זיי מיט גראָז און וואָרצלען, ס'זאָל דיר מער שמעקן מיט דער ערד. און ביי זיך

אין שטוב האָב איך צונויפגעקליבן אַלע מיינע קאָלירטע טיכער, שטיקלעך צייג, אַפילו אַראָפּגעשלעפּט פון בעט מיין פּריילעכע, בונטע קאָלדרע, פאַרכאַפּט אין קיך אַ פּלעצל, אַ פּאָר שטיקלעך געפּרעגלטע פיש, וואָס דו האָסט אַזוי האָלט געהאַט, אָנגעטאָן מיין יום-טובדיקע קלייד און אָנגעלאָדן, ווי אַן אייזל, זיך אַוועק-געטראָגן צו דיר אַהיים.

מיין נישט, אַז ס'איז געווען אַזוי גרינג דאָס אַלץ טראָגן אויף זיך.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די זון האָט געברענט פון אין דער פרי אָן. די גאַסן אָנגעוואַרעמט. פון די שטיינער אַליין איז געגאַנגען אַ היץ. און מען האָט נאָך געדאַרפט דורכגיין אַ האַלבע שטאָט, איידער אָנקומען צו דיר אַהיים.

די קרעמערקעס שטייען לעבן די טירן פון זייערע קראָמען, כאַפּן אַביסל פרישע לופט. יעדע קען דאָך מיך, ווייס וואוהין איך גיי. זיי קוקן זיך איבער, ווינקען איינע די אַנדערע:

— וואוהין לויפט זי, די משוגענע, מיט אַזוי פיל פּעקלעך? איז זי נישט, חלילה, אַנטלאָפן פון דער היים צו איר שיינעם בחור? אויף היינטיקע מיידלעך — איז אַלץ צו גלויבן! —

איין גליק, וואָס דו האָסט געוואוינט אויף דער אַנדערער זייט טייך. שניידט מען איבער די גאַסן, מען לויפט אַרויף אויפן בריק, מען לויפט אַראָפּ פון אים, און אויפן ברעג טייך בין איך שוין פריי.

אין די שטיבלעך אויפן ברעג זיינען די פענצטער פאַר-מאַכט. די באַלעבאָסטעס היטן זיך אָפּ פון דער זון. זיי זיינען דאָך פאַרנומען אין דער קיך, וואָס ליגט מיטן רוקן צום טייך.

דאָ — אָטעם איך אָפּ. אַ הוילער הימל. אַ פרישע קילקייט פונעם טייך. ס'וואַסער לויפט און איך לויף, דער הימל יאָגט זיך נאָך מיר. ער קוקט אַלץ נידעריקער אַרונטער, נעמט מיך אַרום פאַר די פּלייצעס, העלפט מיר לויפן.

דעם זומער האָסטו געהאַט אַ צימער פאַר זיך, געדענקסט

אים? אביסל ווייטער פון דיין טאַטע־מאַמעס היים. אַ צימער געדונגען ביי אַ זשאַנדאַרם.

זיין שטיבל, אַ ווייסע מיט רויטע לאָדנס, ווי דעם זשאַנדאַרמס ווייס זומער־היטל מיט די רויטע קאַנטן, איז געשטאַנען אויפן עק גאַס, נישט ווייט פון אַ לאַנגן פּלויט, וואָס האָט אָפּגעצאַמט אַ גרויסן גאָרטן, אין דער מיטן האָט זיך געהויבן אַ קלויסטער.

דו האָסט מסתמא געמיינט: ער, דער זשאַנדאַרם און זי, די הייליקע קירך, וועלן דיך שוין אָפּהיטן פון אַלץ, אַפילו פון זיך אַליין.

נײַן?

כ׳האָב אַ קלאַפּ געטאָן אין דיין לאָדן, וואָס דו האָסט אָפּט געהאַלטן האַלב־צוגעמאַכט אַפילו בייטאָג, צי פון צופיל ליכט, צי כדי קיינער זאָל דיך נישט זען פון גאַס.

גייסטו מיר אַליין עפענען די טיר, דיין באַלעבאָסטע זאָל מיך נישט זען — אַ צו אָפטער גאַסט בין איך — און נאָך מיט פּעקלעך אין די הענט.

איך שטיי און וואַרט — די טיר פון דעם זשאַנדאַרמס שטוב איז נישט אַזוי גרינג צו עפענען. אַ גרויסער פלאָקן איז צוגעשפּאַרט הינטער דער טיר. עס דויערט ביז דו שלעפּסט אים אַרויס פון זיינע לעכער.

— וואָס איז דאָס? — לאָזטו מיך גיכער אַריין אין דיין צימער און שטעלסט אויס אויף מיר ביידע אויגן. — פון וואַנען ביסטו געקומען צופאָרן?

— דו מיינסט, מיט פּעקלעך קאָן מען אָנקומען נאָר פון דער באַן? טרעף, וואָס איז היינט?

— פרעג מיך אַ גרינגערע זאַך. כ׳ווייס קיין מאָל נישט, וואָס פאַר אַ טאָג ס׳איז.

— ניין, נישט דאָס . . . היינט איז דאָך דיין געבורטסטאָג!
דו בלייבסט שטיין אַ פאַרשטאַמלטער. דוכט זיך, ווען איך

וואָלט דיר אָנזאָגן, אַז דער קייסער איז געקומען צופאָרן אין אונ־
דזער שטאָט, וואָלסטו נישט זיין מער איבערראַשט.

— פון וואַנען ווייסטו? —

און איך נעם גיכער פּאַנאַנדער מיינע קאָלירטע טיכער, הענג זיי אויף די ווענט, לייג איינס אַוועק אויפן טיש, דעק איבער דיין בעטל מיט דער קאָלדרע, וואָס איך האָב מיט־געבראַכט. און דו . . . האָסט זיך גאָר אַ קער געטאָן אַן אַ זייט, קלייבסט אין איילעניש איבער אין דעם ווינקל דיינע לייוונטן. מיט אַמאָל כאַפּסטו אַרויס אַ לייוונט, גיסט אַ שטעל אַוועק דעם מאָלברעט.

— ריר זיך נישט . . . בלייב שטיין, וואו דו שטייסט! —

די בלומען זיינען נאָך געבליבן ביי מיר אין די הענט. איך שטיי נישט איין אויף אַן אָרט, כ׳וויל זיי אַריינשטעקן אין וואַסער, זיי וועלן זיך דאָך פאַרטריקענען. אָבער באַלד פאַרגעס איך זיי. ביסט אָנגעפאַלן אויף דיין לייוונט, אַזש ער טרייסלט זיך אונטער דיינע הענט.

טוקעסט מיט די פּענדזלען, גיסט פאַרב. רויטע, בלויע, ווייסע, שוואַרצע. פאַרשלעפּסט מיך מיט דעם שטראָם פון פאַרבן. מיט אַמאָל — מיך אָפּגעריסן פון דער ערד און אַליין שטופּסטו זיך אָפּ מיט איין פוס, ווי דיר וואָלט געוואָרן צו ענג אין דיין קליינעם צימער.

גיסט אַ שוואונג אין דער הויך, זיך אויסגעצויגן אין דער לענג און פליסט אַרויף אויפן באַלקן אַליין. דיין קאָפּ דרייט זיך דיר, דו פאַרדרייסט אויך מיינעם... קריכסט הינטער מיינע אויערן און זשוזשעסט מיר עפּעס אָן . . .

איך הער זיך צו — ווי דו וואָלסט מיר אָנגעזונגען אַ ליד מיט דיין ווייכער, טיפער שטימע. אפילו אין דיינע אויגן לאָזט זיך הערן דאָס ליד. און ביידע אין איינעם הויבן מיר זיך גרינג אויף איבער דעם אויסגעפּוצטן צימער און פליען אַוועק זאַלבע־נאַנד. קומען אָן צום פענצטער, ווילן אים דורכשטופּן. פון

פענצטער רופט אונדז אַ וואָלקנדיקע לופט — אַ שטיקל בלויער הימל. די ווענט באַהאַנגענע מיט די קאָלירטע טיכער דרייען זיך אַרום אונדז און דרייען אונדז דעם קאָפּ. מיר פליען איבער פעלדער מיט בלומען, איבער פאַרשלאָסענע שטיבלעך, דעכער, הויפן, קלויסטערס . . .

— ווי געפעלט דיר מיין בילד? — שטעלסטו זיך מיט אַמאָל אַוועק אויף די פיס. קוקסט אויף דיין בילד, קוקסט אויף מיר, גייסט אָפּ פון מאָלברעט, גייסט צו.

— ס׳נאָך דאָ אַ פולע וואָס צו טאָן? אַזוי קאָן מען נישט איבערלאָזן, אמת? זאָג, וואו דאַרף איך נאָך וואָס אַרבעטן . . .

דו רעדסט אַליין. דו וואַרטסט און האָסט מורא, וואָס וועל איך דיר זאָגן.

— אַי! ס׳איז זייער גוט. ביסט אַזוי שיין אוועקגעפלויגן...

— — —מיר וועלן עס אָנרופן: „דער געבורטסטאָג". —

ביי דיר איז אָפּגעגאַנגען דאָס האַרץ.

— ס׳ט קומען מאָרגן? איך וועל מאָלן נאָך אַ בילד . . . מיר וועלן ווייטער פליען. . . .

קרענבערי לעיק, נ. י.

.1944-7-7

# אינהאַלט


| | זייט |
|---|---|
| פאָררעדע | 5 |
| די ערשטע באַגעגעניש | 9 |
| אויפן בריק | 37 |
| פרילינג | 43 |
| אַ גלעזל זעלצער | 55 |
| אַ שנירל פערל | 67 |
| אַ שפּאַציר מיטן טאַטן | 83 |
| דער זייגערמאַכער | 87 |
| מתנות | 97 |
| אָנגעשטעלטע | 111 |
| ווינטער | 117 |
| דער גליטש | 125 |
| אָוונט | 135 |
| אַראָנס חתונה | 145 |
| פרימאָרגן | 153 |
| אַ שיפל | 167 |
| כיבוד | 173 |
| געסט | 179 |
| אַ זומער מיט דער מומען | 195 |
| אויף דאַטשע מיט די עלטערן | 203 |
| די באַן | 211 |
| דער געבורטסטאָג | 219 |

# צייכענונגען


| | זייט |
|---|---|
| אַריינפיר | 3 |
| ערשטע באַגעגעניש | 8 |
| ערשטע באַגעגעניש | 31 |
| אויפן בריק | 36 |
| פרילינג | 42 |
| פרילינג | 52 |
| אַ גלעזל זעלצער | 54 |
| אַ שנירל פערל | 66 |
| אַ שפּאַציר מיטן טאַטן | 82 |
| דער זייגערמאַכער | 86 |
| מתנות | 96 |
| אָנגעשטעלטע | 110 |
| ווינטער | 116 |
| דער גליטש | 124 |
| אָוונט | 134 |
| אָוונט | 142 |
| אַראָנס חתונה | 144 |
| אַראָנס חתונה | 150 |
| פרימאָרגן | 152 |
| פרימאָרגן | 164 |
| אַ שיפל | 166 |
| כיבוד | 172 |
| געסט | 178 |
| אַ זומער מיט דער מומען | 194 |
| אויף דאַטשע מיט די עלטערן | 202 |
| די באַן | 210 |
| דער געבורטסטאָג | 218 |
| דער קוש | 227 |

# ,,ברענענדיקע ליכט''

דאָס ערשטע בוך פון

**בעלאַ שאַגאַל**

מיט 25 צייכענונגען פון

**מאַרק שאַגאַל**

איז דערשינען אין 1945

אין דעם זעלבן פאַרלאַג